# י. פּאַפּיערניקאָוו




(לידער און פּאָעמעס)

אַרויסגעגעבן פֿונעם י. פּאַפּיערניקאָוו־יובל־קאָמיטעט ביים
יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין אין ישראל

פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישראל

1964

# באַמערקונגען

## (צו דער ערשטער אויפֿלאַגע „דאָס לאַנד פֿון צווייטן בראשית“)

צו דער איצטיקער גרויסער, כמעט פֿולער זאַמלונג פֿון מיינע ארץ־ישראל־לידער און פּאָעמען, וויל איך מאַכן עטלעכע באַמערקונגען:

ערשטענס, אַז אין דעם בוך קומען אַריין די לידער פֿון מיינע פֿריערדיקע ארץ־ישראל־זאַמלונגען „אין זוניקן לאַנד“, „גאָלדענע זאַמדן“, „מיט לענדער גלייך“, „אונטער פֿייער“ און אַ סך שפּעטערדיקע לידער, וואָס זענען אין די דערמאָנטע זאַמלונגען נישט אַריין.

צווייטנס — האָב איך ביים מסדר־זיין די לידער נישט געהאַלטן זיך שטרענג כראָנאָלאָגיש, לויט דער דאַטע ווען זיי זענען געשריבן געוואָרן, נאָר געאָרדנט זיי לויט דער באַהאַנדלטער טעמע.

דריטנס — קומען אין בוך אַריין אַ געוויסע צאָל לידער אויף אַראַבישע טעמעס, וואָס האָבן אין משך פֿון אַ קורצער צייט אָנגעוווירן זייער אַקטואַליטעט, און הגם עס זינגט זיך אין זיי וועגן אַ נישט־ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט — קלינגען זיי שוין ווי פֿון אַן אַנדערער וועלט. אַזעלכע זענען צ. ב. די לידער: שכנות, כאַוואַדזשאַ..., דער קלאָג פֿון אַבו־פֿייטן און אַ סך אַנדערע. וואָלט איך די דאָזיקע לידער נישט אַריינגענומען אויך אין דער איצטיקער נייער פֿאַרבעסערטער און פֿאַרגרעסערטער זאַמלונג, וואָלט אין איר געפֿעלט נישט נאָר דאָס עקזאָטיש־אָריענטאַלישע פּונעם לאַנד פֿון צווייטן בראשית, נאָר אויך אַ שטיק אַראַבישעווירקלעכקייט, וואָס איז אין קאַמף מיט דער יידישער מדינה — געוואָרן געשיכטע.

**דער מחבר**

# צו דער איצטיקער יובל־אויסגאַבע

יעדע נייע אויפֿלאַגע פֿון אַ בוך וואָס ווערט אַרויסגעגעבן מיטן מחברס צוגרייטונג — איז יעדעס מאָל פֿאַרבונדן ביי אים מיט נייע, באַנייטע געפֿילן פֿון חבלי־לידה — נישט נאָר ווי ביים ערשטן מאָל אַרויסגעבן אים, נאָר ווי ביים שרייבן אים.

איבערהויפּט קאָן עס געזאָגט־ווערן וועגן אַ בוך לידער. וויפֿל אויפֿלאַגעס מען זאָל אים נישט אַרויסגעבן, וועט דער דיכטער שטענדיק געפֿינען אין אים וואָס צו פֿאַרריכטן ; מאַכן אין נישט איין ליד אַזעלכע אויסבעסערונגען, ווי ער וואָלט זיי אויפֿסניי איבערגעשאַפֿן.

דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דעם צוזאַמענשטעל פֿון די לידער : אין יעדער אויפֿלאַגע געפֿינט דער דיכטער פֿאַר נויטיק צו ענדערן דעם סדר ; איבער־צוגרופּירן און איבערצושטעלן אפֿילו גאַנצע ציקלען, וועלכע געפֿינען זיך, ווי אים דאַכט זיך שטענדיק — נישט אויפֿן ריכטיקן אָרט.

אויך איך, האָב אין מיין איצטיקער צווייטער אויפֿלאַגע פֿון „דאָס לאַנד פֿון צווייטן בראשית", געמאַכט נישט ווייניק ענדערונגען — אָנהייבנדיק שוין פֿונעם נאָמען פֿון בוך, וואָס איך האָב פֿון : „דאָס לאַנד פֿון צווייטן בראשית" — געקירצט אויף : „פֿון צווייטן בראשית".

אין אַ געוויסער צאָל לידער האָב איך אויך פֿאַרריכט פֿאַרזעענע אָרטאָגראַ־פֿישע, טעכנישע און וועזנטלעכע פֿעלערן ; אַריבערגעטראָגן אין אים טעמאַטיש־נאָענטע לידער צו אים — פֿון מיינע אַנדערע לידער־ביכער ווו זיי האָבן זיך קיין אָרט נישט געפֿונען, ווי געוויקסן אויף זייער נישט ריכטיקן באָדן און, צוגעגעבן אַ סך נייע לידער — געשריבענע אין די יאָרן פֿון 1954 ביז 1964.

אין מיין איצטיקער, צווייטער, פֿאַרבעסערטער און פֿאַרגרעסערטער אויפֿ־לאַגע, האָב איך אויסגעלאָזט דעם לידער־ציקל א. נ. „צער פֿון יידיש", וואָס איך וועל ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַרויסגעבן אין אַ ספּעציעלער זאַמלונג.

וואָס שייך די דאַטעס, האָב איך זיי נישט אָנגעגעבן אונטער יעדן ליד, ווי מען טוט עס (און מען דאַרף עס אויך טאָן), נאָר אונטער פֿאַרצייכענונגען פֿון אַ טאָגבוך, און — כ׳האָב זיי געגעבן אונטער יעדער זאַמלונג לידער, וואָס שליסן פֿיל־ווייניק אָפּ אַ באַשטימטער תקופֿה אינעם לעבן און אין בוי פֿונעם לאַנד — אָנהייבנדיק פֿון מיין קומען אין לאַנד־אַריין — מיט דער פֿערטער עליה, אין יאָר 1924, ביז און נאָך דער אַנטשטייאונג פֿון מדינת ישראל.

איך וויל באַמערקן, אַז אינעם איצטיקן בוך „פֿון צווייטן בראשית״, געפֿינען זיך אויך אַ צאָל לידער — נישט געשריבענע אין ישראל, נאָר אינדער־פֿרעמד — בעת מיינע עטלעכע רייזעס אין אייראָפּע. דאָס זענען די לידער:

„נישט דאָס, וואָס ביי אונדז״, „צו מיינע ברידער — דיכטער״, „אַנדערש...״, „אַ גרוס״, „אַ בריוו קיין ארץ־ישראל״, „וואָס הערט זיך אין דער נייער היים״, „עס שרעקט...״ און „ווי אין חלום״ — געשריבן אין וואַרשע, אין די יאָרן פֿון 1929 ביז 1933.

די לידער: „פֿונדערפֿרעמד״, „אַ היים, ווי אַ העמד״ און „יעדעס לאַנד״ — זענען געשריבן געוואָרן אין פּאַריז, אין יאָר 1937.

די לידער: „אינדערפֿרעמד״ און „צוריק צו מיין היימלאַנד״ — געהערן צו די שאַפֿונגען פֿון מיין צווייטן באַזוך אין פּאַריז, אין יאָר 1950.

י. פּ.

*

וואָס דער טאַטע מײַנער, דער חובב־ציון,
האָט אַרײַנגעחלומט אין די זילבער־װײַסע האָר —
דערלעבט האָב איך אַן חלום — אויף דער וואָר;
און כ׳האָב אַן ציון־בענקעניש, אָן ציון־ווײ —
דערלעבט צו עסן פֿונעם אייגענעם פֿאַרפֿלאַנץ
און אייגענעם פֿאַרזײ:
די פֿרוכט פֿון שווייס און בלוט, אויף אייגן ערד,
וואָס אויסגעלייזט זי, האָבן מײַנע ברידער —
מיט דער שאַרף פֿון אַקער און פֿון שווערד.

# לידער פון עמק

א

עס קנייטשן די בערג זיך צעשאָטנט פֿונוויטנס,
און מיניען דאָס אויסזען אין אַלע קאָלירן:
דאָ גאָלדיק, דאָ ברוין, ווי באַשאָטן מיט מאַנדלען,
דאָ, ראָז, ווי פֿאַרפודערט — דאָס אויג צו פֿאַרפֿירן...

זיי האָבן נישט איינמאָל פֿאַרנאַרט ווי אַ קינד מיך,
און איך, בין געלאָקט פֿון זיי, מיאוס פֿאַרקראָכן,
איך קוק זיך אַרום און — ס'איז פֿאָלג מיך אַ גאַנג נאָך! —
כ'האָב ווייט צו דעם ציל — זיך די פֿיס שוין צעבראָכן...

ס'איז דורכזיכטיק לויטער די לופֿט דאָ, און ס'זעט זיך
פֿון מיילן, ווי ס'וואָלט פֿאַר דער נאָז אַלץ געלעגן,
און פרוּווסטו צו שטעלן אַ טראָט, איז — פֿאַרפֿאַלן! —
ס'פֿאַרכאַפּט דיך די בלאָקייט וואָס הענגט אויף די וועגן.

ב

עס האַלט אונדז געשלאָסן אַ בערגיקע קייט,
און ס׳דאַכט זיך — מיר זענען געפֿאַנגען,
נאָר קוקסטו אַרום זיך: מען אַקערט, מען זייט,
ס׳גייט אַן אַרבעט, באַגלייט מיט געזאַנגען.

עס דאַכט זיך אַז ס׳האַלטן די בערג אונדז געענגט,
און לאָזן נישט פֿריי זיך באַוועגן,
נאָר וואַרפֿסטו אַ בליק: סאַראַ הימל דאָ הענגט!
ס׳גייט די פֿרייקייט אַריבער די ברעגן!...

עס האַלט אונדז געשלאָסן אַ בערגיקע מאַכט,
און מעגן ווו קערן זיך וועלטן, —
דער כרם דאַרף אויפֿבליִען דאָ איבער נאַכט,
און פֿאַרטרענקען אין גרינס די געצעלטן.

ג

ווים ברעזענטענע געצעלטן,
באַרוועס, זון־היט, ווייסע העמדער,
קומט אַ גייער אָן פֿון ערגעץ,
איז ער אויך דאָ נישט קיין פֿרעמדער.

נישט פֿאַראַן קיין באַלעבאַטים,
ס'איז דער טיש פֿאַר יעדן גרייט,
ביסטו דורשטיק — נעם די דזשאַרע,
ביסטו הונגעריק — ליגט ברויט.

קיינער פֿרעגט נישט: ווער? פֿונוואַנען?
בלייבסטו, אָדער וווּ דו גייסט;
ס'איז אַלץ איינס, מען וויל נאָר וויסן,
ווי מען רופֿט דיך, ווי דו הייסט...

ד

מען קאָן דאָ פֿרום און גלויביק ווערן, אין מיין היים מיין נייער,
איר שיינקייט האָט פֿאַרכאַפּט מיך ווי אַ קינד; כ'בין ניי געבוירן;
ס'קאָן צופֿאַלן צו דר'ערד דאָ מיט אַ ברכה אויף די ליפּן —
אויך דער וואָס האָט אין ספֿקות, לאַנג דעם גלויבן אַנגעוווירן...

איצט ווייס איך שוין פֿאַרוואָס ס'איז פֿרום און גלויביק, דער אַראַבער,
פֿאַרוואָס ביי אים איז שטענדיק מיט „אַללאַ" — דאָס מויל פֿאַרנומען:
עס גייט דער טאָג דאָ אויף, אויף בערג — מיט ליכט פֿון זיבן זונען,
און ס'קומט נאָך אים אַ נאַכט — ווי גאָט אַליין וואָלט מיטגעקומען...

## ליד פון חלוצים

מיר זענען חלוצים, חלוצים — פּיאָנערן, —
די ערשטע וואָס האָבן די וויסטקייט פֿאַרנומען —
צו פּלאַסטערן וועגן און בריקן צו וואַרפֿן,
פֿאַר די וועלכע דאַרפֿן און וועלן נאָך קומען.

ווו ס׳ליגט די צעשטערונג — דאָרט קומען מיר בויען,
און דאָרט ווו עס לאָזט זיך נישט בויען — צעשטערן,
אַ פֿעלדז — אויפֿגעריסן! אַ באַרג, איז — צענומען,
אַ טאָל — מוז פֿאַרשאָטן און אויסגעגלייכט ווערן.

איז וואָס אַז דער וועג איז פֿאַרוואַקסן מיט ווילדקייט,
און ס׳דראָט אונדז די וויסטקייט, צו ווערן פֿאַרפֿאַלן?!
עס מוזן די סטעפּעס אונדז שטילן דעם הונגער,
און מדבר — דעם דורשט פֿון באַהאַלטענע קוואַלן...

ס׳כלי־זין ביי אונדז, איז: דער ליכטיקער גלויבן,
דער ברען אין די אויגן, דער גלי און דער פֿלאַקער
ביים שפּאַנען אַנטקעגן דעם אויפֿגאַנג פֿון מאָרגן,
מיט שטאָלענעם ווילן, וואָס שניידט ווי אַן אַקער...

מיר זענען חלוצים, חלוצים — פּיאָנערן —
די ערשטע וואָס האָבן די וויסטקייט פֿאַרנומען —
צו פּלאַסטערן וועגן, און בריקן צו וואַרפֿן
פֿאַר די, וועלכע דאַרפֿן און וועלן נאָך קומען.

## פריי

מיר זענען פֿריי דאָ, פֿריי ווי דער ים!
און מעג אויף אונדז וואַרטן אַ פֿעלדזיקער טאָג,
מיט פֿאַרוואַקסענער ווילדקייט פֿון דורות;
און מעג אויף אונדז וואַרטן די שטיינערנע ערד,
און דורשטן נאָך אונדז, ווי דער טרוקענער מדבר, —
לאָכן מיר הילכיק און זאָרגלאָז זיך אויס
און — זינגען געזונט אונדזער פֿרייהייט־געזאַנג —
אַנטקעגן דעם ליכטיקן פּנים פֿון מאָרגן.

## אַ ליד

אַ ליד ווערט אויסגעשמידט דאָ —
אויף די שטיינער פֿון יאָר־טויזנטער,
אויפֿן פֿייער פֿון די זונען — אויסגעשלאָגן.

אַ געזאַנג דאָ, האָט דעם אָטעם פֿון חמסין־ווינט,
אויף סאַהאַראַס גליִענדיקע זאַמדן אָנגעטראָגן.

הילך פֿון רוף — איז דאָ דער קלאַנג,
און ס׳וואָרט — אַ באַרג פֿון שטיין,
דער ריטעם — זיכערקייט פֿון קעמלטריט,
די פֿאַרב — די נאַקעטקייט,
די טיף און ברייט פֿון ים,
די שטאַרקייט פֿון אַ פֿעלדז:
אַזאַ איז דאָ אַ ליד.

## אויף שטיינער

מיר זיצן רייטנדיק
אויף הויפֿנס שטיינערגליבעס,
וואָס מען האָט מיט דינאַמיט
אַרויסגעריסן, ווי די ציינערפּיעניעס
פֿון די בערג און פֿעלדזניאַסלעס.

זיצן מיר אַזוי
מיט האַמערס אין די הענט,
און שלאָגן שטאָל אָן שטיין —
אַזש פֿונקען פֿליען צו דער זון,
וואָס פֿלאַקערט איבער אונדז,
און שטיקלעך שטיין — זיי פֿאַלן
ווי די שערבלעך, אונדז צופֿוסנס —
אויף צו פֿלאַסטערן מיט זיי
און ציען וועגן דורכן מדבר, —
אַז ס'זאָל לייכטער זיין דער גאַנג
פֿאַר די, וואָס וועלן קומען שפּעטער, —
ממשיך־זיין דעם וועג.

## מזרח־נעכט

א

פֿאַראַנען דאָ נעכט, ווען ס׳רוען די הימלען,
צעלייגט אויף די בערג און מדברישע פֿלאַכן,
זיי ציען זיך אוים מיט פֿאַרטאָגיקער בלאָקייט,
ווי אַלץ וואָלט געהאַלטן פֿון שלאָף אין דערוואַכן.

ווען זילבערן, די דערפֿער שיינען,
מען צינדט אין די שטעט נישט די גאַסן־לאַמטערן;
ס׳איז יעדנס געזיכט אַ צעשטראַלטע לבנה,
די אויגן ביי יעדן — צוויי לויפֿיקע שטערן.

ב

ווי נאַכטוואַנדלער גייען דאָ מענטשן אַרום
אין דער טאָגיקער בלאָקייט פֿון נעכט,
און וואַקלען זיך לייכט, ווי פֿאַרשיכורט,
די אויגן צעפֿינקלט מיט פֿאָספֿאָרנעם גלאַנץ,
און ס׳דאַכט זיך, אַז באַלד וועלן הענט זיך אַ הויב־טאָן
און בינדן זיך אין אַ געפֿלעכט,
און וועלן געאָרעמט מיט זילבערנע הייזער און הייזלעך —
אַוועק אין אַ טאַנץ...

ווי נאַכטוואַנדלער גייען דאָ מענטש אַרום,
און אַז עמעצער רופֿט וועמען: העי! —
צעטיילט זיך דאָס קול אין אַ פֿילפֿאַכן רוף,
ווי מען וואָלט אין די בערג זיך געזוכט,
און ס׳פֿאַלט פֿון די הייכן דער ענטפֿער אַראָפּ
ווי צעשאָטענער אָפּהילך אויף שניי,
און בלייבט ווי אַ שאָס נאָכן אויפֿרייס, פֿאַרשטומט
ווי אַ צייטיק־געפֿאַלענע פֿרוכט.

ג

פֿאַראַן דאָ זילבער־ווייסע נעכט,
וואָס וועבן זיך אין בלאָקייט אויס,
און שפּינען זיך ווי מעשה׳לעך פֿון טויזנט און איין נאַכט;
און גוט איז מיר, אַז איך בין וואַך
און הער זיי אוים אין שפּעטער שעה,
ווען כ׳שפּאַן אַ האַלב־באַשאָטנטער
דורך שלאָפֿנדיקע געסעלעך און גאַסן,
צווישן דרעמלענדיקע הייזעלעך און הייזער,
וועמענס טירן ס׳היטן וועכטער, —
אָנגעשפּאַרט אויף שטעקנס ביי די טוירן־ווענט
און — וויגן זיך ווי פֿישער האַלב־פֿאַרחלומטע,
אויף זעגלען איבער דרעמלענדיקע וואַסערן...

און ס׳אַרט מיך נישט, וואָס אַלץ איז צו,
און אויך נישט, וואָס אין דרויסן־זייט,
ווו הינטיש ליגן טרעפּ און שוועלן
ביי פֿאַרמאַכטע איינגענג, —
גייען מיינע פּיס אַרום ווי אומרוּם פֿונעם שטאָטזייגער
און, וואַרפֿן פּאַסן שאָטנס צוויי
ווי ווייזער אין דער ליידיקייט,
ווו טראָטואַרן ציען זיך
ווי ברעגעס צו אומענדלעכקייט...

און גוט איז מיר, אַז מיינע אויגן זענען אָפֿן,
ווי צוויי בעכער פֿון קרישטאָל,
און כ׳טראָג זיי אָנגעגאָסן מיט לבנה־ליכט
צו נישט פֿאַרענדיקטע בנינים,
ווו פֿאַרצויגן אָנשטאָט דאַך, איז — הימל איבער זיי,
ווי חופּהדיק באַדעקנס...

## דאָס איינציקע...

דאָס איינציקע וואָס כ׳העך דאָ, איז דאָס רוישן פֿונעם ים,
באַגלייט מיט דינעם זילבערנעם צעקלימפּערטן געקלאַנג
פֿון גלעקלעך אויף די העלדזער פֿון די קעמלען, וואָס מען פֿירט
כסדר דורך, לענגאויס דעם ברעג, אין קאַראַוואַנען-גאַנג.

דאָס איינציקע וואָס כ׳זע דאָ, זענען טעג פֿון לויטער גאָלד,
און ליכטיק בלאָלעך-ווייסע נעכט, ווי חתונות געגרייט,
און יונגע זין און טעכטער פֿון דער שטאָט, פֿון דאָרף און פֿעלד,
וואָס טראָגן אין די לייבער אום די פֿרוכטבעריקע פֿרייד.

דאָס איינציקע וואָס כ׳פֿיל דאָ, איז: דעם הייליקן געבורט,
דעם אויפֿגאַנג מיט דעם שטייגן איבער בערג, ווי איבער טרעפּ,
דעם אומרו פֿון דערוואַרטונג אויף אַ גרויסן, גרויסן נס,
דאָס וווּנדער פֿון דערגרייכן אין די הימלען, מיט די קעפּ.

## ווו קיין ווינטער איז נישטאָ

מיך וואַרגט אַ ווילד נישט־אויסגעשריגענער געשריי,
אַ ווילד נישט־אויסגעהילכטער הילך פֿון פֿרייד,
אין טאָגיק־ווייסער נאַכט אַריין,
ווען ס׳גיסט זיך איידל מאַטער שיין
ווי מילך,
און ס׳פֿאַלט לבֿנה־ליכט
ווי ערשטער בלאַנקער שניי,
אין לאַנד ווו ס׳איז קיין שניי נישטאָ,
ווו שטענדיק טראָגט מען זונען אויף די נאַקנס,
הימלען פּערלמוטערדיק און בלאָ, —
אויף קעפּ;
ווו ס׳אָטעמט זיך מיט פֿרייען גליענדיקן סטעפּ,
מיט ריחות ווי פֿון אויפֿגעפּראָפּטע פֿלעשער וויין
פֿון טרויבן און מאַראַנצן, —
ווינטערצייט,
ווען ס׳הייבט זיך אָן ביי אונדז דער פֿרילינגבלי
און, נאַקעטע האַרטע פֿעלדזן, בערג און טאָלן —
טונקען זיך אין גרינס מיט קווייטן ראָז און רויט,
און ס׳טרינקט מיט דורשט די ערד די רעגנס אויס,
און גיט אויף לאַנקעס פּאַשע שאָף און קי,
און אויף די פֿעלדער פֿאַר די שניטער — ברויט.

## האַרבסט ביי אונדז

האַרבסט ביי אונדז און — בלעטער פֿאַלן נישט
און לייגן זיך נישט אונטער קיינעמס פֿיס.

ווי שטענדיק — שטייען די ציפּרעסן, עקאַליפּטוסן און טאַנען
אויפֿגעשאָסן מיט די גרינע קעפּ אין בלאָען הימל,
ווי עס שווימען וואָלקנדלעך ווי פּליטעם אָנגעצונדענע,
פֿון אויסגעשאָסענע באַגינענס פֿלאַמיקע;
ווי שטענדיק — קוקן זיי אַרונטער פֿונדערהויך —
ווי ס'ציען און ס'צעשיטן זיך אין גלייכע רייען:
מאַנדלען, איילבירט און אָראַנזשן־ביימלעך,
ווי אַרמייען גרין־מונדירטע זעלנער
איבער פֿעלדער, בערג און טאָלן;
און ווי שטענדיק — קוקן זיי מיט שטאָלץ אויף זיך אַליין,
באַטראַכטן און באַוווּנדערן די אייגענע גבורה —
געזויגן פֿון זומפּן און זאַמדן
און, גרויסן זיך מיט זייערע קלעטערקעפּ —
געקרוינט מיט גאָלד פֿון וויין־רויטע פֿאַרנאַכטן.

האַרבסט ביי אונדז און — בלעטער פֿאַלן נישט
און לייגן זיך נישט אונטער קיינעמס פֿיס...

## אין גאָלד און אין זילבער

איך גיי ביז די קני ווי אין גאָלד און אין זילבער
פֿון זוניקע טעג און לבנהקע נעכט,
און כ׳שאַר מיט די פֿיס אין אַ שפּע פֿון קלאַנגען,
און ס׳זינגען די טריט — ווען אַפֿילו ס׳איז שלעכט:

געזאַנג צו די הימלען — די כלה-באַדעקנס,
געזאַנג צו די זונען, וואָס קריינען די קעפּ
פֿון די, וועלכע זענען געקומען פֿאַרוואַנדלען
אין גערטנער און סעדער — דעם מדבר, דעם סטעפּ;

געזאַנג צו דער פֿרייקייט; צום ברייטן געפּלאַטער
פֿון פֿאַרביקע וויַיטן, וואָס ליגן צעשפּרייט
ווי טעפּיכער בונטע, אויף פֿלאַכן און טאָלן,
וואָס לאָקערן, ציִען פֿאַרנעפּלטערהייט;

געזאַנג צו דער נאַכט-שעה, ווען ס׳שלאָפֿן די וועגן
און ס׳רוען די גאַסן פֿון שטעטלעך און שטעט,
און ס׳רוען אין הייזער און הייזלעך, די בויער,
נאָר ס׳רוט נישט דער שומר און, איך — דער פּאָעט.

## רייך געוואָרן

כ'בין אָרעם געקומען אַהער און בין רייך דאָ געוואָרן —
באַלאָדן מיט כוחות פֿון אַרבעטער: שוועסטער און ברידער,
וואָס טראָגן די ברוינקייט אויף לייבער, ווי ברויטן פֿון קאָרן
געשניטן אויף פֿעלדזן און בערג און אין טאָליקער נידער.

כ'האָב גאָרנישט פֿאַרמאָגט — חוץ אַ בינטל עלעגישע לידער —
געוואַקסן ווי שטיינער אויף מיינע פֿאַרלוירענע יאָרן,
וואָס כ'האָב דאָ געפֿונען צוריק און זיי אויפֿגעלעבט ווידער, —
מיט גאָלדענער פֿרייד פֿון די פֿעלדער — געברענגט אויפֿן גורן.

כ'בין אָרעם געקומען אַהער און בין רייך דאָ געוואָרן —
באַלאָדן מיט כוחות פֿון אַרבעטער: שוועסטער און ברידער,
וואָס יעדער פֿון זיי — ברענט אין מדבר, אַזוי ווי אַ דאָרן,
און איז ביי דעם אייגענעם פֿייער פֿון גלויבן — אַ שמידער.

## מיין איינציקער צער...

מיין איינציקער, מיין גרעסטער צער דאָ, איז:
פֿאַרוואָס כ'בין נישט געקומען דאָ אַ קינד,
פֿאַרוואָס אַזאַ דערוואַקסענער,
אין אומעט, נישט צעוואַקסענער,
אַ קלאָגנדיקע ווערבע,
אין פּוילנס רייכן פֿרעמדן-וואַלד,
ווו ס'ווערט מיין שטאַם געהאַסט
און אונטערגעהאַקט...

מיך פֿרעסט נאָך אויף די ביטערניש
פֿון דער מאַמעס זויערער געזעצטער מילך פֿון פּחד,
פּחד — ווייל עס האָבן קלויסטערגלעקער
אימה איבער מיינע ברידערס קעפּ צעטראָגן,
און דער טאַטע האָט מיט אויגן פֿול מיט שרעק און זאָרג —
געזוכט דאָן פֿאַר דער שוועסטער מיינער, אַ באַהעלטעניש...

ווי גוט וואָלט מיר געווען —
ווען די מאַמע וואָלט מיך אויסגעטראָגן דאָ אין טאָל פֿון עמק,
און געהאַט מיך אויף דער סטעפּיש וויים-פֿאַרברענטער ערד
פֿון בערגיק-שטיינערנעם און פֿעלדזיקן גליל,
ביים הייסן, נאַקעטן צופּיסנס פֿון פֿאַרשנייטן חרמון, —
איידער אינדערפֿרעמד
אויף שוואַרצער, פֿעטער ערד,
אויף וועמענס פֿעלדער מיינע ברידער פֿאַלן בעטלענדיק,
און גייען אוים ביים גאָלדענעם גערעטעניש, פֿון הונגער...
גוט וואָלט מיר געווען דאָ —
ווען מען וואָלט מיך פֿון מיין אַלטער היימלאַז-גראָער היים,

געווען אַרויסגעריסן — נאָך אַ יונג געוויקס
ביים שטאַרק־פֿאַרריסענעם און פֿלאַכן ווייסלבערג
ווו ס׳האָבן מיך אַ צופֿעליקס, אַזאַ נישט אויסגעקוקטס, —
די פֿרילינג־ווינטלעך פֿאַלש געגלעט,
די זונען — קאַלט געוואַרעמט,
און די בענקשאַפֿט נאָך געזונטע פֿרייד־קוואַלן — צעבראָכן.

## ס׳וואָלט גוט געווען...

טאַטע־מאַמען

ס׳וואָלט גוט געווען מיר דאָ,
אין לאַנד פֿון זון און ליכט,
ס׳וואָלט גוט געווען מיר דאָ
מיט טרוקן ברויט מיט זאַלץ,
פֿאַרטרונקען מיט דער פֿרייקייט
פֿון די פֿלאַטערדיקע בלאָע הימלען אויף די קעפּ;

ס׳וואָלט גוט געווען, —
מיט מיר זאָל דאָ די מאַמע מיינע זיין,
די שוואַכע, בלוטלאָז־בלאַסע, אומעטיקע מאַמע,
וועמענס האַרץ ס׳אַנטפֿאַלט פֿאַר שרעק
אויף פּוילנס ערד;
די מאַמע, די, וואָס ציטערט פֿאַר אַ וואָרט אַ הויך,
פֿאַר יעדן אָפּהילך און געבראַזג
און, קוקט מיט פּחד־אויגן —
ווען אַנטקעגן קומט איר אָן אַ גוי...

ס׳וואָלט גוט געווען מיר דאָ,
ס׳וואָלט גוט געווען, —
מיט מיר זאָל אויך דער טאַטע זיין, —
דער טאַטע, דער פֿריצייטיק גראָ־געוואָרענער
אין שווערן גלות־יאָך;
דער טאַטע, וואָס האָט ס׳גאַנצע לעבן
אָפּגעחלומט ווי אַ קינד,
אַ בלאָ־ווייסן חלום,
און אין שבת־יום־טובדיקע טעג ביים טיש —
געזונגען זמירות מיטן ניגון פֿון התקווה...

ס'וואָלט גוט געווען מיר דאָ —
ס'זאָלן זיין דאָ, זיין מיט מיר
מיינע ברידער און שוועסטער,
וועמענס קעפּ עס הענגען יונג אַראָפּ,
געבויגענע וויביימער אין אַ שלאַקסרעגן;
די ברידער און שוועסטער,
וועמענס הענט און פֿיס עס זענען צוגעשלאָגן
און געקרייציקט צו זייער שטאָם...

## כ׳בין מקנא...

כ׳בין מקנא מיינע ברידער,
כ׳בין מקנא מיינע שוועסטער,
דעמבעס זענען זיי געוואַקסן,
זענען גלייך און שטאָלץ ווי פּאַלמעס,
און פֿאַררייסן אין די הימלען,
ווי ציפּרעסן, אויפֿגעשאָסן...

האַמערס — זייערע הענט,
שמידן זיי אַ לעבן,
גליען עס מיט מזרח-ברען,
און די פֿינגער ווי די קלעשטשעס —
גלייכן אַקסן, בייגן רעדער,
און די דלאָניעס, ווי די פּיאַשן, —
אַקערן און וואַרפֿן איבער
באָדן שטייניק, אָפּגעלאָזן,
— שוין פֿון דורות נישט באַטראָטן —
שטעלן זיי די פֿיס אויף אים:
פֿונדאַמענטן פֿון בעטאָן.

בין איך זיי דערפֿאַר מקנא,
איך, פֿון קינדוויז אַ געשטראָפֿטער
מיט אַ האַרץ פֿון אַ פֿאַרבענקטן,
אויפֿצוציטערן מיט אָפּהילך
פֿאַרן ווייטסטן, ווייטסטן קלאַנג;
איך אַ שטילער בעל-חלומות
מיט פֿאַרנעפּלט גראָע אויגן,
ווי פֿאַרוויכערטע מיט ליכט פֿון זונענאויפֿגענג,

שריפֿות פֿון פֿאַרגייענדיקע טעג;
איך, וואָס טראָג אויף מיינע ליפּן
גאַל פֿון אָפּגעסמטע קוואַלן,
אויסגעמישט מיט פֿרייד
פֿון אַ פֿונק פֿאַרבליבענעם גלויבן;
איך, וואָס האַלט דאָס מויל געעפֿנט
מיט אַ קינדערשער פֿאַרגאַפֿונג,
פֿאַר אַ סוד און פֿאַר התגלות, —
קאָן מיט תמימות בלויז אַנטציקט־זיין,
און באַגייסטערונג געפֿינען
אין דער וועלטס אַנטבלויזטער שיינקייט,
און באַוווּנדערן די גבורה,
און מקנא זיין די ברידער,
און מקנא זיין די שוועסטער,
ווען כ׳קאָן נישט מער צושטייער געבן, —
ווי מיין ליד פֿון לויב.

## די קינדער פֿון פּוילן און ליטע

אייך, אָרעמע יידישע קינדער פֿון פּוילן און ליטע,
אייך, בלודנע אויף ברוקן אין ענגע פֿאַרחושכטע געסלעך,
אויף ביידעמס און קעלערס געפֿרוירן ווי פֿייגל אין ווינטער,
און זומער — אין הייף, צווישן הערינג און אוגערקע-פֿעסלעך;

אייך, בלוטלאָזע, דאַרע און בלאַסע, געוואָלט וואָלט איך זען דאָ —
ווי אייערע ברידערלעך, שוועסטערלעך, פֿריי דאָ, מאַרשירן
מיט פֿריידיקן פֿלאַטער, דורך ליכטיקע גאַסן געצויגן,
ווי פֿאַרביקע בענדער און בייטן פֿון אַלע קאָלירן.

אויך אייך וואָלט איך וועלן דאָ הערן צעצוויטשערט ווי שוואַלבן,
צעהילכט און צעקלונגען ווי גאָלדענע גלעקעלעך דינע,
צעוויגטע פֿון פֿרייהייט-געזאַנגען, געטראָגן צו הימלען
צו בלאָע, צו פֿרידלעכע — איבער די פֿעלדער די גרינע.

## נישטאָ נאָך...

נישטאָ נאָך אַן אָרט, ס'איז נישטאָ נאָך אַ לאַנד
וווּ מען זאָל אַזוי טאַנצן געזונט און אַ סך,
ווי ס'טאַנצן דאָ באָרוועס אויף גליאיקן זאַמד
האַלב-נאַקעטע אַרבעטער-מחנות אין מדבר,
און טאַנצן פֿון דערפֿער אַריין אין די שטעט,
און צעזעצן אין טאַנץ אַלע וועגן און כבישים —
געפֿלאַסטערט מיט אייגענעם כוח און מי,
און פֿאַרקנאַטן מיט בלוטיקן שווייס אין בעטאָן...

ס'איז אינערגעץ נישטאָ אַזאַ טאַנץ, ווי דער האָראַ —
ווען ס'בינדן פֿאַרוואָרפֿענע הענט זיך אויף העלדזער,
און ס'גלייכן זיך דלאָניעס, ווי לעדערנע שליפֿעס
אויף אַקסלען פֿון בראָנדזענע יונגען און מיידן,
וואָס דרייען זיך ווילד, ווי געטאַנצט וואָלטן דעמבעס,
און נעמען די פֿרייקייט אַרום מיט די אָרעמס,
און ציען אין טאַנץ אויך די פֿעלדזן און בערג,
און באַוועגן די שטיינערנע טויטקייט פֿון דורות —
צו האָפּקען מיט זיי, מיט די קעפּ אין די הימלען...

נישטאָ נאָך אַן אָרט, ס'איז נישטאָ נאָך אַ לאַנד
וווּ מען זאָל אַזוי זינגען געזונט און אַ סך,
און גיין מיט געזאַנג ביז חצות פֿון די נעכט,
און הילכן, ווי ס'וואָלטן זיך מחנות דערהויבן
אַן טרעפּ און אַן שטאַפּלען, אויף שפּיצן און הייכן,
און אימפּעטיק ראַש זיך אַרונטערגעלאָזט-וווּ
מיט שטיינערנעם אָפּהילך פֿון פֿעלדזן-צעפֿאַלונג,

און ברייט זיך פֿונאַנדערגעשאָטן אין ווייטן,
ווי לוסטיקע שאָסן צעשיקט דורך די שומרים,
וואָס היטן די שייערס, די סעדער און גערטנער —
ווען ס׳רוען אין צעלטן די זייער און שניטער.

## וואָס פֿאַרא וווּנדער

איז וואָס פֿאַרא וווּנדער די טעניץ און געזאַנגען,
וואָס גייען דאָ אויף מיט די רויטע באַגינענס,
און פֿאַלן אָן אָטעם אַריין אין חצותן,
באַרויִקטע אונטער דער זיידענער בלאָקייט
פֿון לויטערע הימלען, פֿאַרצויגן ווי ציכן
אויף פֿרויען-געלעגערס אין נעכט פֿון דער חופּה...

איז וואָס פֿאַרא וווּנדער, די פֿרייד פֿון אַ יום-טוב
ביי די, וואָס געשלעפּט האָבן שטענדיק די וואָך-טעג,
און זענען געגאַנגען אין שפּאַן, ווי די קעמלען —
געהויקערטע אונטער דער לאַסט פֿון דער פֿרעמדקייט,
געפֿירט דורך דור-דורות, ווי שאָף צו דער שחיטה
פֿון אַריער — פֿאַרבלענדטע פֿון שנאת-ישראל.

איז וואָס פֿאַרא וווּנדער, ווען ס׳האָבן געפּלאַצט שוין
די שטריק אויף די דורשטיקע העלדזער פֿאַרוואָרפֿן,
און ס׳האָבן צעבונדענע מחנות געלאָזט זיך
פֿון היימלאָזע היימען, אויף וועגן צום אויסוועג,
און האָבן געצויגן ווי טשאַטעס מיט פֿייגל —
צו ווייטע און אייגענע וואַרעמע נעסטן.

איז וואָס פֿאַרא וווּנדער, דער איינציקער צער דאָ,
דער צער פֿון די נאָענטע, ברידער און שוועסטער,
וואָס זענען געבליבן אויף פֿינצטערע ברעגעס,
מיט שניי-ווייס צעפּאָכעטע טיכלעך, ווי טויבן,
וואָס רייסן פֿון זייערע הענט זיך צום פֿליען
אַהין, וווּ עס גייען די שיפֿן, באַגליקטע...

## פֿון הייליקן אָרעם־מאָלצייט

דעם אַרבעט־באַטאַליאָן

(גדוד העבודה)

מען דאַרף אַראָפּוואַרפֿן די שיך
און וואַשן זיך די פֿיס,
ווי ביים אַריינגיין אין אַ מקדש, —
צו זיין אויפֿן הייליקן אָרעמען מאָלצייט:
דער סדר פֿון קרבן־מזבח די וואָך־טעג,
צום יום־טוב פֿון אויפֿבלי,
אויף סטעפּישער וויסטקייט פֿון דורות...

וואָס קאָן פֿייערלעכער זיין
פֿון זען, ווי יונגע זין און טעכטער,
פֿרעמדלינגען, פֿאַרטריבענע
ווי פֿייגל פֿון די קאַלטע לענדער, —
זיצן דאָ געברידערט און געשוועסטערט,
אָן טאַטע־מאַמע,
זיצן ווי זיווגים אין דער חופּה־נאַכט
ביי אויסגערוקטע טישן ברייט,
אַליין געשניטן פֿון די פֿעלדער,
ווו ס'איז ערשט נישט לאַנג געשלאָפֿן
די האַרטע, געשטיינערטע וויסטקייט —
אַ שלאָף פֿון יאָר־טויזנטער...

וואָס קאָן ליכטיקער זיין
— פֿון צעשטראַלונג פֿון אויגן, —
צעפֿלאַקערט מיט זוניקן גלויבן,
צוזאַמענגעגאָסן מיט ליכט פֿון געזיכטער,

געוואַשן אין אייגן צעגראָבענע קוואַלן,
און ליכט פֿון פֿאַרוואַשענע אַרבעטער-העמדלעך
באַנייטע פֿון גראָשענע לייוונטס,
וואָס בלאַנקען און מידניען פֿון ווייסקייט,
ווי קיטלען אויף יונגע כּהנים...

וואָס קאָן שענער זיין און זיסער
פֿון שטילן צעברומונג
ביים עסן דערלאַנגען,
און ס'זינגען באַגלייט מיט געקלאַנג
פֿון די גאָפּל און מעסער,
און אונטערגעכאַפּט מיט געפּויק
אויף די בלעכערנע ליידיקע טעלער...

און וואָס קאָן דערהויבענער זיין
און נאָך העכער
פֿון טאַנץ פֿון פֿאַרגעסונג
אין שיכּרות פֿון גלויבן,
אַז מאָרגן, אַז מאָרגן — — —
און ס'דרייט זיך אַ מענטשנראָד
וואָס אַמאָל גיכער,
און שווינדלט פֿון שנעלקייט,
מיט ווינטיקע פּים
און פֿאַרריסן-צעפּאַטלטע קעפּ,
ווי אַ וואַלד אין אַ שטורעם,
וואָס לייגט זיך ווי אַ שעפּעלע
באַרויִקט אין חצות,
און קוקט זיך צו פֿאַרחלומט,
ווי אויף קאָסעם בליצט דער טאָג...

## אַ יידישן פּאַסטוך

כ׳האָב אינערגעץ נישט געזען דיך, יידישער פּאַסטוך,
ס׳ערשטע אָרט, און ס׳ערשטע מאָל ווי כ׳הער דיך אויפֿן פּאַסטוכפֿייפֿל,
ווען די בלאָקייט פֿון באַגינען ציט דיך פֿון געצעלט אַרויס,
און דו — די שאָף אַנטקעגן מאָרגנשטערן.

ווען כ׳פֿלעג זען אויף סלאַווישער ערד אַ פּאַסטוך, נאָר אַ סלאַוו, —
בין איך שטאַרק געווען מקנא ס׳פֿרעמדע לאַנד,
און פֿאָלק מיט פּאַסטוכער...

פּאַסטוכער דערציילן וועגן שאָף און רינד,
שאָף און רינד — פֿון לאָנקעס און פֿון פֿעלדער,
פֿעלדער, זיי דערציילן וועגן אַקערס, בלאַנקע קאָסעס,
קאָסעס — וועגן שניט און פֿולע שייערס.

דערפֿאַר, אַזאַ געזונטע פֿרייד אין מיר,
ווען כ׳זע דיך אַ פֿאַרברוינטן און אַ באָרוועסן,
מיט אָפּגעבליאַקעוועטע האָר ווי פֿלאַקס, —
אין שאָטן פֿון אַ פֿייגנבוים, —
ביים היטן שאָף און רינד,
וואָס גייען זוכן פּאַשע,
ווי עס נידערט מיט דיין וואַכזאַם אויג...

דערפֿאַר, פֿאַרנאַכט, ווען ס׳טליעט שוין דער טאָג,
און לעשט זיך אויף די שפּיצן בערג פֿון גליל,
ווי אַ קרבן אויפֿן פֿייער פֿון מזבח,
און דיין פֿייפֿל טענערט היימיש יידישלעך,
און רופֿט צונויף די טשערעדעס,

וואָס קומען אָנגעטרונקענע פֿון קוואַלן,
און לאָזן זיך אַרונטער פֿון די בערג
צוזאַמען מיטן בלאָען נעפּלדיקן טוי,
און גייען נאָך געהאָרכזאַמע נאָך דיינע פֿייכטע פֿיס, —
גייט נאָך נאָך דיר מיין שטומע אָוונט־תּפֿילה,
און מיין ליבע צו דער ערד, צו שאָף און רינד,
און ס׳גייט דיר לאַנגזאַם נאָך די נאַכט,
ווי איינס פֿון דיינע שאָף,
און טראָגט דיר נאָך מיט שטילע טריט, —
די רו אין דיין געצעלט.

## עס פֿעלן...

עס פֿעלן דאָ די דיכטער־ברידער מיינע,
וועמענס לויב און שירה ס'גייט פֿאַרלוירן
מיט די תּפֿילות פֿאַר נישט־אייגן מלכות, —
ווי ס'געבעט פֿון בעטלער
אונטער פֿרעמדע טירן...

זיי פֿעלן — צו העלפֿן מיר ציען די לאַסט
פֿון איבער די ברעגעס־אַריבערגעגאַנגענע עמער, —
ביים שעפּן פֿון די טיפֿע ברונעמס
און אוראַלטע קוואַלן —
פֿונאַנדערגעגראָבענע אוצרות...

זיי פֿעלן — צו העלפֿן מיר טראָגן
די בלאָ־צעלייגטע הימלען אויפֿן קאָפּ
און — גיין מיט צעפֿלאַקערטע זונען
דורך גאָלדענע גאַסן, —
אין שטעט פֿון צעזונגענע בויער.

זיי פֿעלן — צו העלפֿן מיר בענטשן די הענט,
וואָס אַקערן דורך מיטן שטאָלענעם ווילן, —
די סטעפּיש־פֿאַרווילדעטע שטיינערנע ערד,
וואָס זיי טרינקען זי אָן מיטן שוויים פֿון די לייבער,
און זעטיקן זיך — מיט דער פֿרייד פֿונעם אויפֿבלי.

## נישט מיר...

— נישט מיר וועלן עסן פֿון שניט, וואָס מיר האָבן געזייעט,
נישט מיר וועלן עסן די פּרוכט, וואָס מיר האָבן געפּלאַנצט דאָ;
נישט מיר — זאָגט פֿאַרהאָרוועט אַ מאַמע, נישט מיר — זאָגט אַ טאַטע;
— מיר האָבן דאָ פֿעלדזן געביסן און שטיינער פֿאַרדייעט —
איז ברויט ביי אונדז — לעקעך, אַ פּרי — אַ רויטע טאָמאַטע:
צו קאָנען די קינדער מיט מילך און מיט האָניק באַזאָרגן —
זיי זאָלן ווי ביימעלעך וואַקסן געקרעפּטיקטע, זאַטע,
צו קאָנען דערטראָגן דאָס שליחות, און ברענגען דעם מאָרגן.

## בײַ אונדז אַ קינד

נישט דער מאַמעס אַ צירונג אין הויז,
נישט דעם טאַטנס אַ קדיש —
איז אַ קינד בײַ אונדז...

בײַ אונדז אַ קינד,
איז אַ זוניקער שטראַל,
און אַ ליכטיקער טרייסט
פֿאַרן אָרעמען לאַנד.

בײַ אונדז אַ קינד,
איז די זריעה אין פֿעלד,
דאָס בליעכץ און זאַפֿט
פֿון ווײַן און מאַראַנץ.

בײַ אונדז אַ קינד,
איז דער פֿרײַהייט-געזאַנג,
דער פֿריידיקער אָנזאָג
אויף שפֿע און זעט,
פֿון אַ גאָלדענעם שניט
אויף דער שטיינערנער ערד,
וואָס לייב האָט צעאַקערט,
און שווייס האָט גערירט...

אַז די שעה זאָל נישט זײַן,
און אַ קינד שטאַרבט בײַ אונדז, —

איז עס אַלעמענס קינד,
איז עס אַלעמענס צער,
וואָס גייט־אויף ווי אַ ליכטיקע טרער אינעם אויג,
און נידערט אין טרויער
אין טאָל פֿונעם האַרץ,
און בעט אינדערטיף
אויף אַ טרייסט פֿאַרן לאַנד...

## טרויער אין קיבוץ

אַז מען קלינגט נישט און מען וועקט נישט,
ווי דער שומר וואָלט פֿאַרשלאָפֿן,
און מיט אים —דער גלאָק, —
איז אַ סימן, אַז אַן אומגליק האָט געטראָפֿן,
אַז עס האָט מיט טרויער זיך געשטעלט דער טאָג.

און אַז אַ קיבוץ טרויערט —
טרויערן מיט אַלעמען: די פֿערד, די שאָף און רינד,
און ס'גייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אַרום —
אַפֿילו אינעם הויף די הינט.

און אַז אַ קיבוץ טרויערט —
טרויערט יעדער בוים, אַ יעדער צווייג,
וואָס וויגט אויף זיך דעם טרויער,
ווי מען וויגט אַ קינד,
ביי וואָס מען בעט זיך: וויין נישט, שווייג!

מען גייט זיך ווי געפּענטעטע אַנטקעגן
מיט געציילטע, נישט דערעדטע רייד,
ווי ס'וואָלט אַ בר־מינן געלעגן
יעדן פֿאַר די פֿיס — צו קבורה גרייט.

און שטילקייט, טיפֿע שטילקייט
טראָגט אַרום דעם טיפֿן טרויער פֿונעם הויף —
צום וועג, צו יעדן וועג
וואָס פֿירט אַרויף אויף פֿעלד,
וואָס טאָר נישט טרויערן אַפֿילו אין די טרויערטעג.

## אַ ציגײַנער

כ׳בין געװאָרן אַ ציגײַנער
אין דער װײַטער הײסער פֿרעמד:
ברױן, פֿאַרברענט, אַ האַלב אַנטבלױזטער,
נישט געשוכטס און אָן אַ העמד —

לאָז איך לײדיק דאָס געצעלט מײַנס,
װי עס גײט די זון נאָר אױף,
װאַנדער אום אױף אַלע װעגן,
שפּרינג אױף יעדער פֿור אַרױף.

כ׳פֿרעג זיך נישט בײַם באַלעגאָלע,
צי איך מעג, און װוּ ער פֿאָרט,
פֿרעמדע זענען מיר, און ברידער —
אומעטום איז אונדזער אָרט...

— — — — — — — — — — — —

הױבט אַ שטױב זיך אױף אין װאָלקנס
און ס׳פֿאַרקנױלט זיך אונדז דער װעג,
האַלט דער פֿורמאַן זיך נישט אײַן מער,
טוט מיך נײַגעריק אַ פֿרעג:

— ביסט אַ חלוץ? צי אַ היגער?
— לאַנג שױן דאָ? פֿון װאָ׳סער לאַנד?
גיב איך ביטער לײַכט אַ שמײכל,
טו אַ פּאָך אים מיט דער האַנט,

כ׳פּלאָנטער מיט דער צונג און פֿרעג אים:
— װאָס? מײַן הײם? איר מײנט די הײם?

— עט! נישט לאַנג, יאָ לאַנג... וואָס ליגט עס
אויפֿן וועג דאָ, שטיינער, ליים?

— ציען זיך די בערג נאָך ווייטער? —
שלאָג איך איבער מיטאַמאָל:
— יאָ די געגנט רופֿט זיך עמק,
טאַקע ווייל זי ליגט אין טאָל;

— זעסטו? — ווייזט ער מיט דער האַנט מיר,
— זעסטו, ווי עס בליט און גרינט? —
ס'איז דער טיפֿסטער זומפּ געווען דאָרט,
קוק־זשע ווי ס'זעט אוים אַצינד! —

גערטנער, כרמים — אַ גן־עדן!
— זעסט, געצעלטן פֿון ברעזענט? —
דאָרטן וווינען זיי, די „חברה",
בענטשן דאַרף מען זייער'ע הענט...

— — — — — — — — — — —

טויכן אויף פֿאַר מיר געשטאַלטן,
בילדער ווייטע, רויכיק, גראָ,
כ'שווייג, אַנטשוויגן ווערט דער פֿורמאַן,
ס'הערט זיך בלויז זיין לאַנגער וויאָ־אָ!

ציט די לייטשעס, דרעמלט אונטער
אַ פֿאַרשמאַכטער פֿון דער היץ,
כאַפּט זיך צו דער בייטש פֿאַרשלאָפֿן,
טיילט די פֿערדלעך פֿוילע שמיץ,

און דער וואָגן האָצקעט, וואַרפֿט זיך,
טרייסלט זיך פֿון וועג צו וועג,
און עס דאַכט מיר, אַז דעם וואָגן —
יאָגן מיינע טויטע טעג.

לויפֿן נאָך, נאָך אים פֿון הינטן,
ווילן איינהאַלטן די פֿערד,
נאָר איך לאָז זיך נישט און טרייב זיי,
פֿייף און שריי צו זיי: אין דר'ערד!

— כ'בין געוואָרן אַ ציגיינער,
כ'האָב צעריסן יעדע בריק,
ווו כ'בין איינמאָל שוין געוועזן —
קום איך ס'צווייטע מאָל נישט צריק!...

## מאַפּיש מאַסאַרי

ליגט אַ דורכזיכטיקע זילבערנע לבנה־העלע נאַכט —
צעלייגט אויף די בערג פון יהודה,
ווי אַ יונגפרוי אין איר זיידן בלאָען נאַכטהעמד,
אויסגעבעט אויף קישנס,
אין דערוואַרטונג אויפן מאַן...

איר צופיסנס, אינעם טאָל,
אויפן ווייכן אָפּגעקילטן זאַמד,
אונטער זיך די פיס —
זיצט דער פּאַסטוך אַכמעד, פון עפענדי אַבו־אַלי,
און צונויפגעטוליעט אַרום אים —
פלעקן זיך אין שיין פון דער לבנה,
ווי אַ רויע אויסגעשפּרייטע פעל:
זיין שלאָפנדיקע טשערעדע מיט שעפּסן...

זיצט ער, אַכמעד, זשמורעט מיט די אויגן
אינעם בלאַנקען גאַם פון מילכליכט,
חלומט, האַלב פּאַרדרעמלט,
האַלב אין וואַכן טראַכטן,
אַז, ס'וואָלט גוט געוועזן,
נאָר — מאַפּיש מאַסאַרי...

וואַרפט ער דעם געדאַנק און שפּאַרט אים
איבער אַלע בערג אַריבער,
איבער טאָלן, איבער פלאַכן, ווייט אַוועק,
אַזש ביז אין דערפל אַבעשושאַ,
ווו אין איינס פון יענע הייזלעך

אויסגעקלעפּט פֿון ליים מיט שטרוי און פֿערדמיסט —
שלאָפֿט שוין איצט זיין ווייב זונובאַ
מיט זעקס קינדער ביי די זייטן,
צוגעדעקט מיט זעק און שמאַטעס,
און מיט איר פֿאַרקויטיקטער צעריסענער אַבאַיע,
וואָס זי טראָגט אויף איר פֿאַרשרפּעט אויסגעדייוועדט לייב —
ווען זי גייט אַ גאַנצן הייסן טאָג אַרום
פֿון דאָרף צו דאָרף,
אַ באָרוועסע אויף גליענדיקן זאַמד,
באַהאָנגען מיט מטבעות אויפֿן שטערן, האַלדז און הענט,
און מיט אַ פֿולע שיסל סאַברעס אויפֿן קאָפּ —
צו פֿאַרדינען עטלעכע טאַריפֿעס אויף חיונה...

— שלעכט איז, שלעכט, מאַפֿיש מאַסאַרי:
זעט ער, אַכמעד, ס'מזל זיינס, דאָס ביטערע —
דערמאָנט זיך אים:
זיין שכן איטשראַ האָט שוין ווייבער דריי,
אויך מאָהאַמעט האָט שוין פֿיר,
אָפּגערעדט שוין פֿון עפֿענדי אַבו־אַלי,
וואָס האָט זעקס:
איינע רוימט ביי אים די שטובן,
איינע קאָכט אים אָפּ דאָס עסן,
איינע נייט אים און פֿאַרריכט אים,
איינע וואַשט אים זיינע וועש,
און מיט איינער האָט ער קינדער,
און די זעקסטע (ווי מען שמועסט,
זאָל זי זיין אַ יאַהודיע) —
האָט ער סתם פֿאַר פֿאַנטאַזיאַ...

ברענט אין אַכמעדן די קנאה,
וואַרפֿט אַ בליק אַרום די שעפּסן,
און ער שמייכלט תמ׳עוואַט:
— ווי גוט וואָלט מיר געווען,
ווען זיי וואָלטן מיינע זיין;
אַ העלפֿט פֿון זיי וואָלט איך אַוועקגעגעבן ראַטיפֿן פֿעלאַך,
געטוישט זיי פֿאַר זיין פֿינפֿצן-יעריק שיינער פֿאַטכאַ,
און ס׳וואָלט מיר נאָך געבליבן פֿאַר דער צווייטער העלפֿט
צו קויפֿן זיך אַ נחלה,
און אויף איינצוהאַנדלען נאָך אַ ווייב...

טראַכט ער אַט אַזוי און חשבונט,
טוט אים ווײ, ווייל ס׳איז געטראַכט בלויז,
ווייל עס איז, מאַפּיש מאַסאַרי —
ווערט אים אויפֿן האַרצן שווער,
ס׳פֿאַלט אויף אים אַ בלאָער אומעט פֿון די בערג,
פֿון דער לויטערקייט פֿון הימל אויף די בערג,
און פֿון די לייכטנדיקע שטערנדלעך,
וואָס גלאַנצן איבער אים מיט פֿאָספֿאָרגלאַנץ,
ווי גליווערעם.

נעמט ער פֿונעם פּיטע-זעקל דעם חליל אַרויס,
און צעפּייפֿט זיך פּלוצלינג
אין דער שטילקייט פֿונדערנאַכט —
צערודערט זיך די טשערעדע, געוועקט פֿון זייער רו,
צעוויגן מיט די העלדזער אַ געקלאַנג פֿון דינע גלעקעלעך,
און שטעלן אויף די פֿיס זיך, גרייט צום גיין;
זעען זיי, אַז זייער פֿירער זיצט און מיינט נישט זיי —
לייגן זיי זיך צריק אַוועק,

און הערן דאַכט זיך אויך זיך איין,
ווי אַכמעד קלאָגט אויף זיין חליל,
און וואַרפט דער נאַכט צופיסנס צו
א ווינטיק מאַנאַטאָן און קיל געפייף,
מיט טענער פונעם ליד, וואָס גייט אַרום צווישן פאָלק,
דאָס ליד פון אַלע אָרעמע: מאַפיש מאַסאַרי...

## מרחביה

(פּאָעמע)

ווי עס טרעפט — נישט צו וויסן פאַרוואָס און פאַר וועלכענע זינד,
און עס שליסט זיך די טראַכט ביי אַ פרוי, וואָס גייט אוים נאָך אַ קינד;
ווי עס טרעפט, אַז ס׳הערט אויף זיך צו קעלבן אַ קו אינדערשטאַל —
אַזוי טרעפט, אַז עס טריקנט-וועז אוים אויך אַ ברונעם, אַ קוואַל.

---

אין מרחביה איז נישט פריילעך,
ווי קאָן פריילעך זיין,
ווען עס ווערט אַ ביסל וואַסער
טייערער פון וויין?

אויפגעשטאַנען אַ באַגינען
ווען עס איז נאָך בלאָ,
און דערוווּסט זיך, אַז קיין וואַסער
איז פאַר זיי נישטאָ.

עמער לויפן טיף אין ברונעם,
נאָר נישטאָ קיין טראָפּ,
אויסגעטריקנט! גייען „חברה"
מיט די קעפּ אַראָפּ.

וואַסער, וואַסער — איז אַ יעדנס
איינציקע געבעט,
ווייל אָן וואַסער איז געווענדט אויך
ס׳עסן צו דער זעט.

---

בלאָ און זוניק איבער ראַנד און ברעג,
ס׳קען דער זומער נישט דאָס פּנים פֿונעם וואָלקן;
אין מרחביה ציען זיך די טעג
שווער אַזוי, ווי קי פֿון פֿעלד, נישט אויסגעמאָלקן.

ווי קאָן לייכט דען זיין אַן ארבעט־טאָג,
אַז אין משק איז קיין וואַסער נישט פֿאַראַנען,
אַז עס וואָלקנט דאָ די וואַסער־פּלאָג
ווי דער מדבר וואָלט נאָך נישט אַרוים פֿונדאַנען.

---

קוקט די זאָרג פֿון מרחביה דערפֿאַר
פֿון די אויגן אַרוים פֿול מיט צער —
וואָלט געוועון זיך ווער ריכטן, גיי וויים,
אַז ס׳איז ווייניק דער ערד אונדזער שוויים,
אַז ס׳איז ווייניק נאָך, ווייניק די מי
פֿון דער צייט, ווען מ׳איז איבער די קני
דאָ געשטאַנען אין זומפּן פֿון שלענג
און, געצויגן פֿון זיי אַלע קרענק
און, געפֿיבערט מיט היץ און מיט קעלט
ביז: פֿון זומפּ איז געוואָרן דאָ — פֿעלד,
ביז: פֿון שטיין איז געוואָרן דאָ ערד,
וואָס גייט אויף נאָכן אַקער, און יערט,
מיטאַמאָל — אַזאַ אומגליק אַ גרוים!
וואָס קאָן העלפֿן דאָס אויסגיין אין שוויים?
וואָס קאָן העלפֿן דער כוח פֿון הענט?
איז קיין וואַסער נישטאָ — דעמלט ברענט.

---

אַז אַ ברונעם טרוקנט, טרוקנט אַלץ —
אי דער עמער, אי די שטריק און קייט,

אי דער גומען, אי די צונג אין האַלדז,
און די שטים אַפילו אין די רייד.

— וואָלט געווען וואַסער דאָ גענוג,
וואָלט זיך בעסערס דאָ ביי אונדז געהערט,
— גיי און שטיל מיט וואַסער פון אַ קרוג
אָט אַ דורשט אַזאַ פון אונדזער ערד!

—

ווייל מען האָט דעם באָדן קאַרג געוועסערט,
האָט זיך היי־יאָר ס׳גרינס נאָך נישט געבעסערט,
זענען נישט געראָטן אויך די טרויבן,
און מרחביה פילט זיך נישט געהויבן.

זאָרג איז אָבער נישט קיין יאוש־צייכן,
ס׳האָפט מרחביה אירס נאָך צו דערגרייכן,
ס׳גלויבט מרחביה, אַז ס׳וועט בעסער ווערן
און זי וועט נאָך לאָזן פון זיך הערן.

—

אין מרחביה זוכט מען וואַסער
ווי מען וואָלט געזוכט דאָרט גאָלד,
פאַר אַ ריטשקעלע פון ערגעץ,
וואָלט מען כ׳וויים־נישט־וואָס געצאָלט:

און מען טאַפּט אַרום דעם דופק
ביי דער דאַרער מאַמע־ערד,
אפשר דאָ, און אפשר דאָרטן —
מ׳באַרעכנט, מ׳באַקלערט;

מ'פֿאַרגייט ווי שאָף אין טאָלן —
פֿון די בערג, וואָס ליגן האַרט —
אפֿשר קלאַפּט אַ וואַסער־אָדער,
וואָס אַ באַרגשטיין האָט פֿאַרשפּאַרט, —

ליגט עס לעבעדיק פֿאַרגראָבן
אינדערטיף און, וויל די פֿלאַך,
אפֿשר וועט מען עס דערהערן,
וואַסער האָט דאָך אויך אַ שפּראַך —

רייסט זיך עס מיט כוח, לויפֿט עס,
שלאָגט עס דורך פֿאַר זיך אַ וועג,
דרייט זיך, שלענגלט זיך און צישעט,
וויל קיין צוים נישט, וויל קיין ברעג,

און עס פֿרייט זיך מיט דער פֿרייקייט
„כ'האָב דערגרייכט, וואָס כ'האָב געוואָלט".
און מרחביה? — רייך געוואָרן:
ס'האָט אין טאָל געפֿונען גאָלד...

---

אַז געפֿונען, איז — געגראָבן!
ס'טרעפֿט נישט לייכט זיך אַזאַ פֿאַל;
ס'וועט מרחביה וואַסער האָבן,
ווו אַ ריטשקע — דאָרט אַ קוואַל.

ווו אַ קוואַל — דאָרט וועט אַ ברונעם
און אַ גרויסע בירקע שטיין;
וועט מען רערן נאָר פֿאַרלייגן —
וועט עס שטראָמענווייז שוין גיין.

וועט עס שפּאַרן זיך דורך רינוועס —
איינצוהאַלטן ס׳וואַסער קוים —
צו די טעלערלעך און טעלער
אונטער יעדער פּלאַנץ און בוים;

וועלן זיי די קעפּ פאַרהייבן
נאָך אַ צייט פון זיין פאַרשמאַכט,
און זיך אויסגלייכן, צעוואַקסן
און צעבליען פריש דערוואַכט:

— האָט איר, טרינקען, צום דערהאַלטן
אונדז ביים לעבן — אויפגעזוכט —
וועלן מיר דערפאַר אייך, חברה,
געבן עסן אונדזער פרוכט.

אַז געפונען, איז — געגראָבן!
ס׳טרעפט נישט לייכט זיך אַזאַ פאַל,
ס׳וועט מרחביה וואַסער האָבן —
ווי אַ ריטשקע — דאָרט אַ קוואַל.

---

אין מרחביה גראָבט מען שוין דעם אוצר אויס,
קרייצהעק הייבן זיך אין האַלב־ראָד איבער קעפּ,
בליצן שטאָליק קעגן זון, צעטראָגן קלעפּ,
מאַכן פונעם שטיינערשיכט דעם באָדן לויז.

ס׳בייסן לאָפּעטעס די ערד, ווי שאַרפע ציין,
רייסן שטיקערווייז פון אונטער פיס אַפער,
און די פיס — זיי זינקען, נידערן אַלץ מער,
ווילן שוין וואָס גיכער צו דער טיף דערגיין.

אין מרחביה גראַבט מען שוין דעם אוצר אויס.
מענטשן לאָזן זיך מיט ווינדעס שוין אַראָפּ;
איידער מען דערגייט צום ביסל גוטס און האָב —
זעט מען אויף דער ליכט דעם קאָפּ נישט אַלץ אַרויס...

---

אין מרחביה פֿרייט מען זיך,
ס׳פֿרייט זיך אַלט און ס׳פֿרייט זיך יונג,
אין מרחביה גרייט מען זיך
צו דער וואַסער־פֿייערונג.

שוין פֿאַרבעטן פֿון אַרום
אַלע שכנים קודם־כל,
און אויך געסט פֿון אומעטום,
ווער עס וויל — דער קומען זאָל.

פֿון די דערפֿער, פֿון די שטעט,
מען פֿאַרבעט פֿון גאַנצן לאַנד,
און מרחביה טיילן וועט
כּיבוד מיט דער ברייטער האַנט.

---

וואָלקנס שטויב אויף עמקס אַלע וועגן.
פֿון די וואָלקנס שיילן פֿורלעך זיך אַרויס,
ס׳דאַרפֿן אויך די פֿערדלעך שוין נישט פֿרעגן
ווו מרחביה ליגט און קוקט פֿון ווייט זיי אויס.

אָט פֿאַרשווינדן זיי אַראָפּ אין טאָלן,
אָט באַווייזן זיך די פֿערדלעך אינדערהויך,
נאָר נישט קלאָר נאָך, אַלץ ווי אין די שאָלן
פֿון די וואָלקנס שטויב און נעפּלען, ווי אין רויך.

אַט פֿאַרנעמען ווייט געזאַנג די אויערן
און מרחביער ווייזן זיך: מען זעט שוין, זעסט?
לאַמיר ברייט צעעפֿענען די טירן,
ס'פֿאָרן חברה יאַטן שוין, עס פֿאָרן געסט!

פֿורל קומט נאָך פֿורל אָנצופֿאָרן
פֿון אַ יעדן שמאָל און בנייטן וועג און טראַקט,
פֿורלעך מענטשן פֿון די זעלבע יאָרן,
ווי צו אַ יאַריד, אויף זעק מיט שטרוי געפּאַקט.

יונגען, מיידן, מיט אַנטבלויזטע קניען,
הענט פֿאַרקאַשערטע פֿון ווייסן לייוונט, סיץ,
ברוין, ציגיינעריש, די אויגן גליען —
ווען מען ערט עס אַזאַ פֿייער, אַזאַ היץ!

— אונדז פֿאַרבעטן! — זענען מיר געקומען,
זענען מיר מרחביער בעלי־שמחהס — דאָ,
גיט אַהער אויף נאַס־מאַכן דעם גומען,
און זאָל זיין אייך אין אַ מזלדיקער שעה!

---

אין מרחביה האָט מען לאַנג שוין אַזאַ נשף נישט געהאַט;
אָפּגערעדט שוין, וואָס מען האָט פֿון כל־טוב אָפּגעגעסן זאַט —
האָט מען אויך אַ נאַכט געגאָסן זיך מיט... וואַסער, ווי מיט ווייַן,
און אַריינגעטאַנצט מיט אַלע האָראַס אינעם טאָג אַריין.

# בערקע אָדלער

(פּאָעמע)

„סאַליעם אַלעיקום, כאַוואַדזשאַ!
זאָל שוועבן איבער דיר די ברכה פֿון „אַללאַ״!
קיף כאַליאַק דזשעדאַ?״ —
אַזוי באַגריסן די אַראַבער פֿון די דערפֿלעך, בערקען,
אָדער, ווי אים רופֿן די גלילער: בערקע אָדלער;
נישט אַזוי פֿאַר ליבשאַפֿט גריסן זיי צו אים
הכנעהדיק, מיט אַ זיסן חניפֿה־שמייכל,
און מיט אַ פֿרומען לייג די האַנט צום האַרץ צו;
נישט אַזוי פֿאַר ליבשאַפֿט, ווי פֿאַר מורא,
און נישט אַזוי פֿאַר מורא, ווי פֿאַר דרך־ארץ,
פֿאַר זיין וווּנדערלעך און קונציק רייטן אויף אַ פֿערד...

גרויסן זיך מיט אים די „חברה״
פֿונעם גאַנץ גלילער געגנט,
פֿאַר די בעדואינער רייטער:
— נו, וואָס זאָגט איר, שוין געזען אים,
אונדזער בערקען רייטנדיק?

קומען זיי זיך אָפּטמאָל פֿון די בערג צונויף
צוגאַסט צו בערקען,
און פֿאַרבעטן אים צו זיך,
און ס׳לייגט אים יעדער פֿאַר זיין פֿאַראַס —
דורכשפּאַצירן זיך מיט זיי;
אַז ס׳קומען איינציקווייז די געסט אַרויס
פֿון בערקעס וויים־ברעזענטן ביידל —
וואַרטן שוין פֿון לאַנג אויף זיי

די ברוינע, שוואַרצע, ווייס און קאַרע פֿערדלעך
מיט די ציימלעך צוגעבונדענע צום פּלויט פֿון משק,
און גלאַנצן מיט די הינטנס
און אָרומגעפּוצטע זייטן,
ווי מיט אייל באַשמירט —
אַנטקעגן דער זון, וואָס זעצט זיך
נאָכן פֿייערן אַ האַלבן טאָג,
און זוכט אין אָפּגאַנג, אָפּרו:
אויף די ריזן־סטערטעס תבואה,
אויפֿן פֿריש־געשניטן היי,
אויף ליכטיק העלע קעפּ פֿון סטויגעס,
אויף די בינטן שטרוי און דינע, לויזע שעצקע,
וואָס איז אויפֿגעשאָטן
ווי די בערגלעך גאָלד...

עס וועט נישט איינפֿאַלן קיין פֿרעמדן,
אַז, אָט יענער, דער וואָס פֿירט אַרויס
פֿון שטאַל דעם „שוואַרצן",
דער, וואָס איז אַרומגענומען
פֿון די פּלייצעס ביזן פּוסטראָט
אין אַ שוואַרצער ברייט־צעלאָפֿענער אַבאַיע,
ווי מיט אַ שטיק פֿון נאַכט
אין מיטן העלן טאָג,
און טראָגט אויפֿן קאָפּ אַ ווייסע קעפּאַיע
מיט אַ שוואַרצער שנור אַ זיידענער,
און טראָגט אַחוץ דעם בעדואינער טראַכט —
דאָס אויסזען פֿון אַ בעדואינער,
אויף זיין לענגלעך אָפּגעברענט פֿאַרברוינטן פּנים,
אויף די שוואַרצע ברעמען־רינגען,

אין די סמאַליענדיקע איילבירט־שוואַרצע אויגן,
אויף די שורות ווייסע ציינער, ווי אַ מויל מיט שניי,
אויך אין זיין אַראַביש רעדן,
און אין זיין אַראַביש זינגען —
ווער ס׳וועט זען אים ס׳ערשטע מאָל —
וועט נישט גלויבן, אַז ס׳איז בערקע,
בערקע כוואַט פון אוקראַינע,
בערקע אָדלער פון גליל;
פינפצן יאָר שוין, אַז ער זיצט דאָ —
אַ שומר אין סטעפּ אין וויסטן,
צווישן שוואַרצע רויבערבאַנדעס,
צווישן פעלדזן, בערג און טאָלן,
אין די חושך־פולע היילן;
אַז אויף גליענדיקע שטיינער
אונטער פלאַטערדיקע זונען —
האָט ער אויסגעשמידט זיין גורל —
איז ער היינט דערפאַר געשטיינערט
האַרט, און ווי פון בראָנז געגאָסן,
קוקט דעם טויט היינט אין די אויגן
מיט אַ קאַלטן חוזק־שמייכל —
ווען ער ווייזט די ווילדסטע קונץ־שטיק
אויף זיין פערד —
זיין בעסטן חבר...
שטייען חברה ביי געצעלטן,
ווי ביי שקאָרמעצן און שירעמס;
ס׳לייכטן לייוונטענע העמדלעך
ווייס און קלאָר, ווי שטיקער ליכט,
עס האָבן אַלע ליב צו זען
ווי בערקע רייט מיט זיינע געסט אַוועק פון הויף:

אויגן שטראַלן, בליקן פֿינקלען,
ס׳בליצן פּאַדקאַוועס און שפּאָרן,
ס׳פֿאָכן גריוועס, ס׳פּאַטשן וויידלען,
ס׳הויבן פּאָלעס זיך ווי פֿליגל,
ווינטיק בייגן זיך די פֿערדפּיס,
ס׳שוימען מאָרדעס הויך פֿאַרריסן,
ס׳הערט זיך בלויז אַ טעמפּער טופּען,
און מען רייט נישט, נאָר מען פֿליט שוין,
ווי אַ טשאַטע שוואַרצע פֿייגל
באַרג־אַרויף, און טאָל־אַראָפּ,
און ווי תמיד — שניידט דער ערשטער
בערקע כוואַט פֿון אוקראַינע,
בערקע אָדלער פֿון גליל,
און ס׳באַגלייטן זיי פֿון הינטן
חברהס נייגעריקע אויגן,
מיילער אָפֿענע, פֿאַרגאַפֿטע,
און אַ נאָכזאָג פֿון התפּעלות:
— איי, ס׳אַ ממזר! איי, ס׳אַ ממזר!
און אַ חברה־מאַן, אַ לץ,
זאָגט צו אַלע ווי צו זיך:
— וואָס איז ס׳גרויסע חידוש, וואָס? —
דעם יונג האָט די מאַמע געהאַט אין אַ שטאַל,
און אַ קליינס — אים געוויגט
אויף אַ פֿערדישן זאָטל!...
לאַכן חברה: — יאָ, נישט אַנדערש!
און מען גייט זיך ווערטלענדיק און לאַכנדיק פֿונאַנדער.

בערקע מיט זיין ווילדער כאַפּטע
איז שוין לאַנג פֿון אויגן פֿאַרשוווּנדן;

ס'האָבן די בערג זיי פֿאַרשלונגען
און נאָכגעלויכטן זיי
מיט קוילן־רויט־צעגליטע שפּיצן,
אָנגעצונדענע, צעפֿלאַמטע
פֿון דער זינקענדיקער זון.
שטילקייט האָט פֿון בערג געגידערט
נעפּלדיק און בלאָלער,
ווי צעגאַנגען רויך פֿון טליענדיקע שייטערס,
און צעשפּרייט, צעלייגט זיך
איבער די באַרוטע פֿעלדער —
נאָך די שווערע שניט פֿון אַקעראייזנס,
נאָכן הייסן זונפֿאַרגאַנג
די בערג צופֿיסנס.

אַז אַ האַלבע נאַכט גייט אַריבער,
און אַ האַלבע דרעמלט נאָך,
ווי אַ וועכטער אויף געבערג —
לאָזט זיך פֿון דער שוואַרצער ווייטער ווייטקייט הערן,
טעמפּער לויפֿנדיקער אָפּהילך,
ווי מען וואָלט מיט רידלעם ערד געשאָטן —
האָרכט זיך דער שומר פֿון משק צו,
דערקענט ער אַז ס'איז בערקעם אָנקום,
לאָזט ער ווייטער שלאָפֿן די ביקס אויף דער פּלייצע,
און שטעלט זיך פֿאַרן צוגעמאַכטן טויער,
אָפּוואַרטן זייַן אָנרייט.

— — — — — — — — — — — —

שלאָפֿט דער גרויסער הויף,
עס שלאָפֿן די געצעלטן,
ווי צעשטעלטע אויסגעלאָשענע לאַמטערנעס;

בערקע אין באַגלייטונג פֿונעם נאַכט־שומר,
פֿירט אַפּ צום שטאַל דעם „שוואַרצן”
און דערציילט ערשט, ווו ער איז געווען ביז שפּעט אין נאַכט,
ביי וועלכע בעדואינער אין געצעלט ער איז געזעסן,
געטרונקען שוואַרצע קאַווע,
און געגעסן פֿרישע פּיטעם פֿונעם פֿייערבלעך אַראָפּ,
געהערט זיך אָנדערציילן גוזמאַדיקע מעשהם
פֿון העלדן און פֿון העלדישקייט,
פֿון רויב און מאָרד, פֿון ליבעם
און — באַקומען ביים אַוועקגיין,
חוץ די ברכות אויפֿן וועג —
אַ געשאַנק: אַ שפּאָגל־נייער זיידענער קעפֿאיע.

## טייטלען

אויף אַ גאָל סענקאַטן שטייפֿן שטאַם פֿאַרריסן,
אונטער אַ לילובים-קאָפּ צעוואַקסן ווי אַ שפּין —
רייטלען טייטלען אויף די הימל-הויכע טאַנען,
ווי אויף העלדזער, שווערע שנירן קרעלן פֿון בורשטין;

רייטלען ווי פֿאַרפֿירעריש, דער זון אַנטקעגן,
וויגן זיך צעצונדענע און רייסן זיך נישט אָפּ,
הענגען — ביז עס קומט אַ קלעטערער אַ פֿלינקער,
וואָס דערגרייכט צו זיי און נעמט זיי צום פֿאַרקויף אַראָפּ...

## אַלטע פֿייגנביימער

אַלטע, איינזאַמע בעטלער אויף וועגן:
ווילדע פֿייגנביימער;
מיט דער וויסטקייט אויף די קעפּ,
מיט אויסגעדאַרטע ריק און לענד
און אויסגעדרייטע הענט און פֿיס —
שטייען זיי,
קניען זיי
און פֿאַלן איינגעבראָכענע ווי קעמלען —
מיט דער לאַסט פֿון גליענדיקע טעג —
אויף מדבר-זאַמדן.

## באַנאַנעבײמער

װי קימפּעטאָרינס הינטער פּאַראַװאַנען —
טראָגן אױס באַנאַנעבײמער
הינטער פֿאַרצװײגענע װענטלעך פֿון ראָגזשעס —
זײער פּרוכט: באַנאַנעס.

אױסבאַהאַלטענע פֿאַר װינט,
װי פֿאַר אַן עין־הרע —
װאַרעמען זײ אין די בוזימס אױס
די ברוסטיק־גרױסע קנאָספּן,
װאָס זײ עפֿענען מיט צנועותדיקן װײטיק —
פֿאַרן אױסלאָדן די שפֿע פֿון אײנמאָליקײט:
די קללה אין דער ברכה
פֿון געבערן און — נישט װערן...

## מאַראַנצן

בלאָע הימלען, גרינע ביימלעך,
זוניק־גאָלדענע מאַראַנצן,
איז אין פּרדס העל און היימלעך,
באַקן פלאַמען, אויגן גלאַנצן,

שניטער שניידן, בלוטן רוישן,
און עס שפּאַרט זיך יונגער כוח,
טראָגן לייכט די שווערע קוישן,
שיכור פון אָראַנזשן־ריח.

ווי עס וואָלטן אונטערדרעמלען —
פויל, צעוויגט, אויף קאַראַוואַנען,
פירן אָפּ אַראַבער קעמלען:
גאָלד — צו שיפן, גאָלד — צו באַנען;

און פון קעסטלעך, דורך די שפּאַלטן,
אָזש עס פּלאַצן שיעור די ברעטער —
שרייט מאַראַנצנליכט באַהאַלטן,
ווי די זון צעווישן בלעטער...

## טרויבן

רויטער, שוואַרצער, גרינער ווייַן
געזאַמלט ווי אין דורכזיכטיקע לאָגל־בינטלעך,
פֿון דער זון בייטאָג ווי אייעלעך געבריט,
און אויסגעקוקשט ביינאַכט פֿון בשמים־ווינטלעך —
גלאַנצן זיי באַהויכט און פֿייכט פֿון טוי,
ווי רויטע, שוואַרצע, גרין־באַרוישטע אויגן...

שטייען ייִנגלעך,
שטייען מיידלעך,
איבער ביימעלעך געבויגן,
האַלטן שערן, און זיי שערן,
בליצן דורך מיט זיי די שטאָקן,
שניידן שטענגלעך —
פֿאַלן הענגלעך
רויטע, שוואַרצע, גרינע לאָקן...

ליגן שטאַנגען איבער אַקסלען,
וויגן קערב זיך אויף די שטאַנגען
און — געגאַנגען,
לייכט, געהויבן,
שיכור פֿון דער ערד, דער פֿעטער —
מיט דער זיסער לאַסט פֿון טרויב
צוגעדעקט מיט פֿייגנבלעטער...

## אַראַבקעס מיט אַרבוזן

ווי אַ טשאַטע קראָען ביי אַ מאָלצייט —
זיצט אין שאָטן פֿון אַן עקאַליפּטוס,
די פֿיס אונטער זיך,
ווי צעוויגט אויף די היפֿטן, —
אַ קרענצל אַראַבקעס אין שוואַרצן,
און טראָגן אונטער צו די טאַטואירטע מיילער:
צעשלאָגענע שאַרבנס
פֿון קעפּ פֿון אַרבוזן,
וואָס רייטלען צעעפֿנט
ביי זיי אויף די שויסן...

אויגן בליצן ווי די מעסער,
ליפּן ציטערן פֿאַרשרפֿעט,
ציינער לאַכן פֿון הנאָה,
בייסן איין זיך מיט דער ווייסקייט,
זוכן ס׳האַרץ פֿון די אַרבוזן,
און עס פֿלייצט און ס׳רינט די קוועלונג
איבער גאָמבעס,
איבער פֿינגער,
אַז — געגעסן און געטרונקען
און, געשטילט דעם דורשט און הונגער...

## סאַבּרעס

אין קרומע צעלאַפּענע שורות
אויף וויאָרסטן און מיילן —
ציען זיי זיך ווילד, צעוואַקסן,
זיי, דאָס אָרעמסטע געוויקס דאָ אויף די וועגן:
סאַבּרעס.

בלעטער — האַרט און גרוים ווי פּנימער פאַרגרינטע,
בלאַט צו בלאַט, ווי קאָפּ צו קאָפּ,
צווייגן — אויסגעדרייטע הענט פון קריפּלען,
צווייג אין צווייג, ווי האַנט אין האַנט —
פּלעכטן זיי זיך,
האַלדזן זיי זיך,
דריקן זיך צונויף אין דאַרקייט,
פּאַלן קוסט אויף קוסט פאַרחלשט,
שטיקן זיך און ווערגן זיך,
פּרעסן זיך פאַרביטערטע,
און קריכן זיך מיט נאָדל-נעגל
איינס אין צווייטנס לייב אַריין,
ביים היטן פּרעמדע האָב און גוטס
פון כרמים און פּרדסים.

אונטער זיי — באַשיצטע, זאַטע —
קאַקעטירן פּרישע ביימלעך
מיט מאַראַנצן, מאַנדלען, איילבירט,
ווייַן און כל-טוב, וואָס דאָס האַרץ גלוסט;
און אין קרומע צעלאַפּענע שורות

אויף וויאָרסטן און מיילן,
ציען זיי זיך ווילד צעוואַקסן,
זיי, דאָס אָרעמסטע געוויקס דאָ אויף די וועגן:
סאַברעס.

## כאַוואַדזשאַ...

— כאַוואַדזשאַ, כאַוואַדזשאַ איבראַהים! —
איז אמת, וואָס מיין שכן מוסאַ זאָגט,
אַז ס'ווילן די יאַהוד פאַרטרייבן אונדז פון פאַלאַסטין,
און צונעמען ביי אונדז די גאַנצע ערד,
די גאַנצע ערד?...

— איז אמת, אַז עס קומען צוליב דעם
אַזוי פיל שיפן אָן צום ברעג,
אַזוי פיל שיפן מיט „מאָסקאָב",
איז אמת? איוואַ?...

אַז דער ייד איבראַהים, דער כאַוואַדזשאַ,
קוקט אויף אים און שמייכלט,
און פאַרזיכערט אים, אַז ס'איז אַ ליגן, —
גלויבט מאַהאַמעט נישט,
און שעמט זיך — נישט צו גלויבן;
לויפט זיין שרעק אַרום
אין זיינע בלאַנקע אויגנווייסלעכיץ,
און זיין אומצוטרוי באַהאַלט ער
אין די שאַרפע אויגנווינקלען,
ס'רייטלען זיינע באַקן
פונעם לענגלעך ברוינעם פּנים,
וואַרפט בגנבה פונדערזייט
מיט פאַרשנדיקע בליקן,
וויל נאָך עפעס פרעגן,
נאָר ער שוויגט פאַרטראַכט מיט אומעט,

און ס'פֿאַלט מאַהאַמעט אויף אַן איינפֿאַל:
אויספּרוּוון דעם אמת,
און בעטן — '
דער כאַוואַדזשאַ זאָל אים שענקען אַ סיגאַרע...

## דער קלאָג פֿון אַבו־פֿייטן

קלאָגט זיך אַבו־פֿייט דער אַלטער פּאַסטוך,
אויפֿן נייעם שרון פֿון יהודה:
— כ׳בין שוין פּאַסטוך נאָך פֿון אַבו־אַבו,
אָט אַזאַ־אָ — האָב איך שאָף געפּאַשעט,
און אַ צייט אַזאַ נאָך נישט געהאַט;
ס׳איז נישט אַנדערש, ווי אַ שטראָף פֿון „אַללאַ״
אָנגעשיקט אויף מיר און מיינע ברידער —
זענען די יאַהוד זיך אָנגעפֿאָרן
פֿון מאָסקאָב, אַלמאַניאַ און באָלאָניאַ,
פֿון דער גאַנצער וועלט אַ לאָז־געטאָן זיך
אָפּצוקויפֿן ערד ביי די עפֿענדים,
און גענומען וויסט־מאַכן די פֿעלדער:
רק מ׳אַקערט און מ׳רייסט די ערד
מיט קירקעס, פּיאָשן און טוריעס;
רק מען פֿליקט די כילפֿע,
דעם אינדזשיל — די פּאַשע פֿאַר בהמות;
רק מ׳זייעט און מ׳פֿלאַנצט באַיאַרעס,
יעדן טאָג: אַ הויז, אַ שטאַל, אַ שייער,
דאָ — אַ פּלויט און דאָ — אַ דראָט־פֿאַרצוימונג —
האָט מען באַלד פֿאַרשפּאַרט שוין אַלע וועגן,
און נישטאָ באַלד ווו אַ קער־צו־טאָן זיך
מיט די טשערעדעס און סטאַדעס שאָף און רינדער;
— וויסט און חרוב מאַכן זיי דאָס לאַנד דאָ:
הערט נישט אַבו־פֿייט זיך אויף צו קלאָגן,
שטייט און קראַצט דאָס האַרטע ווייסע בערדל
פֿון זיין סטעפּיש שוואַרץ־פֿאַרשרפֿט פּנים,
בליצט און זוכט פֿאַרלוירן מיט די אויגן —
וועלכן וועג זיך מיט די שאָף פֿאַרנעמען...

## ביינאַכט אין אַראַבישע געסלעך

פֿונדאַנען, דאַכט זיך, נעמט זיך עם די פֿינצטערניש אין שטאָט,
פֿונדאַנען, דאַכט זיך, קומט די היציק ווילדע נאַכט, וואָס שרעקט,
און האַלט אַפֿילו אייגענע נישט זיכער און באַדראָט,
ווי ס׳וואָלט פֿאַר יעדן ס׳מעסער אין איר גאַרטל גרייט געשטעקט...

ווי קאָן מען דאָ דערכאַפּן פֿון די געסעלעך די לענג?!
ווי קאָן מען דאָ דערטאַפּן זייער אָנהייב, זייער סוף?! —
זיי קריכן אינעם איינס אין חושך אין צווייט אַריין ווי שלענג —
מיט הייזעלעך ווי שלאָפֿנדיקע ענגע סטאַדעס שאָף.

לאַמטערנעס לייכטן בלינד, מיט העראָגליפֿן-צייכנס רויט,
ווי אויגן איינצלנע, אַנטצונדענע ביי שוועל און טיר,
און שאָטן פֿאַלט צוריק ווי אַן אַבאַיע אויסגעשפּרייט
אויף דר׳ערד, צו קאָנען אויסקניען דאָס נאַכטגעבעט אויף איר.

אַ פּייקל פּייקלט ערגעץ דומף און מאָנאָטאָן אַזוי,
ווי ס׳קלאַפּט דעם קעמלס נישט-באַלאָדן הילצערנער געשפּאַן;
דאָס טאַנצט אַוודאַי ווו פֿאַרשפּאַרט, איר קנעכטשאַפֿטאַנץ, אַ פֿרוי
אַרום איר האַר: דעם פֿוילן און אַכזריותדיקן מאַן.

אַ הענטגעפּלעסק, ווי ס׳וואָלטן ווו גאַלעטשעס אָפּגעקלאַפּט, —
באַגלייט אַ מענעריש געזאַנג, וואָס קומט ווי אַ רעפֿריין;
דאָס ווערט-ווו ביי אַ פֿאַרזינגער אין פּסוקים אויפֿגעכאַפּט
אַ ליד אַ לאַנגס, וואָס צוגעטראַכט אַ העלפֿט — האָט ער אַליין...

אויף נישט ברוקירטן פֿייכטן זאַמד צעלייגט, קניט ווו-נישט-ווו
אַן אויסגעשפּאַנטער, שלאָפֿנדיקער קעמל־קאַראַוואַן,

באַוועגן זיי זיך — קלינגען אויף די העלדזער גלעקלעך צו,
ווי ס׳וואָלט זיך זיי געחלומט אַז זיי גייען נאָך אין שפּאַן...

אין שטילקייט האָט אַן אייזל אין אַ הויף־וווּ אויפגעוואַכט,
און כלישטשענדיק צעשריגן זיך פון בענקשאַפט און באַגער,
און אויסגעהעשעט זיך אַנטקעגן הימל אינדערנאַכט,
וואָס האָט געענטפערט מיט אַ שטערנפאַל ווי מיט אַ טרער...

עס לויפן קעץ די געסעלעך אַריבער, הין און צריק,
און יאָגן זיך אַרום מיט קאַצניאָמער, מחנהווייז,
זיי נישטערן אויף קופּעס מיסט, און זוכן קעציש גליק, —
געפינענדיק אַ פעלד אויף ליבע און אַ פעלד אויף מייז...

עס עפנט אומגעריכט זיך אויף אַ טיר־וווּ פון אַ הויז,
אַ סילועט בלייבט שטיין, פאַרנעמט זיך גיין ווי אַן אַ ציל,
נאָך אים אַ פרויען־סילועט וואָס פאַלט ווי פון אַ שטויס, —
אַ שניידנדיקער קווויטש און — אַל׳ץ ווי קיינמאָל גאָרנישט — שטיל.

פונדאַנען, דאַכט זיך, נעמט זיך עס די פינצטערניש אין שטאָט,
פונדאַנען, דאַכט זיך, קומט די היציק ווילדע נאַכט, וואָס שרעקט
און האַלט אַפילו אייגענע נישט זיכער און באַדראָט,
ווי ס׳וואָלט פאַר יעדן ס׳מעסער אין איר גאַרטל גרייט געשטעקט...

# אַ בער אין אָריענט

בערעלע, דו בער!
ווי קומסטו דאָ אהער
אין טראָפּיש־הייסן לאַנד
ווו — דורכגיין מיט אַ פּעל אַזאַ,
הייסט: דורכגיין דורך אַ בראַנד?!

ווו האָט ער דיך גענומען, דער אַראַבער,
וועלכער פירט דיך דאָ אַרום אין גרויסער היץ,
און קאַרגט דיר נישט קיין פייערדיקע שמיץ, —
ביים לערנען דיך דעם עולם דאָ פאַרווײַלן,
מיט דיין בעריש טאַנצן אויף דער קייט
און דינען און פאַרדינען אים אויף ברויט...

אָ, בערעלע, דו בער, ווי דו זעסט אויס!
ווי נעבעכדיק, ווי גאַרנישט מעשה בער,
פון וואָס די קינדער הערן גערן אויס —
דערציילן פון דיין גבורה, וואָס איז גרויס;
ווי נעבעכדיק, דערשלאָגן דו זעסט אויס,
אַז ס'איז (מעגסט גלויבן בערל) אַ רחמנות מיר —
אַ הונט איז איצט אַ לייב אַנטקעגן דיר!...

וואָס זשמורעסטו די פייכטע אויגן, בער?
איז אפשר קוקן אין דער זון דיר שווער?
און אפשר הלומסטו אַצינד אַזוי
צוריק אַהיים אין ווינטערלאַנד,
צו שניי, צו שנייזאַווײַ
און וואַלד,

ווּ נאָר אַזאַ וואָס ווייסט די וועגן נישט —
פֿאַרפֿאַלט
אין דער געדיכטער ביימערנעץ, דער ווייסער,
ווי ס'דערציילט זיך אין אַ קינדער־מעשׂה.

אָדער, אפֿשר הערסטו בערל דאָס געברום
פֿון ד י י נ ע וועלכע זוכן דיך אַרום,
אין טיפֿע, טיפֿע שנייען;
האָבן דאָס געפֿיל,
אַז דו געפֿינסט זיך אין אַ צרה:
ניוכען אוים ווּ נאָר אַ בערן־נאָרע, —
כאַטש אַ בער ווערט קיינמאָל נישט פֿאַרפֿרוירן
אינעם שנייגעלעגער איבער זיינע אוירן —
ברומען זיי אַ מיאומדיק געברומעכץ: בו!
און רופֿן דיך: ווּ ביסטו בערל, ווּ?!

## אייזלען

מיט אראפגעלאזטע קעפ פון אונטערטעניקייט,
מיט לאנג-פארריסענע, פארשפיצטע אוירן צום געהארכן —
גייען אייזעלעך מיט דינע דראבנע טריטלעך,
ווי צוריקגעצויגענע אין פענט פון שפאן,
און פירן אויף די שמאלע, דארע רוקנס:
זעק און זעקלעך זאמד און זיפזיף,
טראגעס ציגל, שטיינערבלאקן,
קעסטלעך גרינס און קערב מיט פירות,
שווערע קאנען מילך צעהאנגען
און — קריגן דערפאר: א רייב אין דער מארדע,
א שטורכץ אין די זייטן,
און דאס שטעקל א פארריק אין סאמע מיטן אונטערחלק —
ס'זאל שפרינגען פאר ווייטיק,
און גיין ווי א מענטש...

נאר אייזל בלייבט אייזל,
און פויל און פארעקשנט —
פארקערוועט ער דווקא אהין ווו מען דארף נישט,
כאטש נעם און צעבראק אים —
זיך איינגעשפארט איינמאל,
ער וויל נישט און וויל נישט
און — ס'העלפן די קלעפ נישט...

ליגט אן אייזל אט אזא,
געפאלן מיט דער לאסט צו דר'ערד,
און שיצט פאר קלעפ די מארדע
אינעם טיפן, הייסן זאמד...

## ווען אייזלען שרייען

שטעלט אַן אייזל זיך אַוועק אין מיטן גאַס,
פֿאַררייסט דעם קאָפּ אַרויף,
און ווי אַ הונט אַנטקעגן דער לבנה —
נעמט ער שרייען, שרייען צו דער זון
אַ דורשטיק, הייס געשריי,
וואָס שניידט ווי מיט אַ זעג אַדורך
די גליענדיקע לופֿט,
און ווערט פֿאַרשריגן
פֿונעם שרייענדיקן ליכט.

און אַז אַן אייזל שרייט אַזוי —
דאַכט זיך מיר ווי כ'וואָלט געהערט,
אַזוי ווי קיינמאָל נישט געהערט:
אַ ווייטע, ווייטע סקריפּעריי,
אַ גרילצעריי, אַ קלימפּעריי
פֿון בלעך פֿון עמער ליידיקע,
וואָס לויפֿן אייליק אויף און אָפּ
אויף שטריק און קייטן נאָכגעלאָזט
אין טיפֿע ברונעם־העלדזער.

## באַלאַדע װעגן כאַסאַנס אײזל

געװען איז אַ חמימה,
פֿון הימל געפֿאַלן איז פֿײַער —
נישט איבערצוטראָגן! —
האָט כאַסאַן געפֿירט אויף זײַן אײזל
צװײ קעסטלעך מיט אײער,
געאײלט זיך אין מאַרק זײ פֿאַרקויפֿן,
געװאָלט אַז דער אײזל זאָל לויפֿן,
און שיעור נישט צום טויט אים געשלאָגן...

האָט זיך דער אײזל נאָך פֿוילער געשלעפּט
מיט צעבראָכענע גלידער,
געטראָגן די היץ מיט אַ האָגל פֿון קלעפּ
און קוים-װאָס — פֿון דאָרפֿישן װעג
צו דער שטאָט צו — געקראָכן,
נעגאַנגען, געשטעלט זיך,
געפֿאַלן אַ מידער
(פֿאַרשטײט זיך) — די קעסטלעך מיט אײער צעבראָכן...
דערזען אַזאַ בראָך,
אַזאַ שאָדן װאָס אים האָט געטראָפֿן —
איז כאַסאַן אַרײַן (װי געװײנטלעך) —
אין װילדן, אין בלוטיקן צאָרן,
און האָט (פֿון געװוינהײט) —
אַרויסגעכאַפּט ס׳מעסער פֿון גאַרטל,
און איז עס דעם אײזל אין בויך-אַרײַן האַסטיק פֿאַרפֿאָרן...

דערזען אַז דער אײזל האָט שטײפֿלעך די פֿיס אויסגעצויגן,
פֿאַרװאָרפֿן די אויגן,

דער קאָפּ — אַזאַ איבערגעדרייטער
צום זוניקן הימל, צום בלאָען,
מיט אָפֿן געפּרווירענע אויגן —
האָט כאַסאַן דערזען אַז ער ליגט אויף אַן אמת אַ טויטער,
און האָט זיך דעם אייזל געוואָרפֿן
אים קושן די מאָרדע און גלעטן,
געוויינט און מחילה ביי אים און ביי „אַללאַ" געבעטן,
און לאַנג נישט פֿאַרגעסן פֿאַר שכנים דערציילן מיט שבחים —
דעם שרעקלעכן סוף,
וואָס געהאַט האָט זיין אייזל — דער חכם...

## קעמלען

א

ציט אַנטקעגן זון פֿאַרביי אַ לאַנגער קאַראַוואַן
פֿון צוואַנציק מדבר־זאַמד־קאָלירטע קעמלען
מיט געלאַסענע, באַקלערטע, ריטמישע און ווייכע טריט;
אויף יעדן קעמלהויקערס הילצערנעם געשפּאַן,
צעשאָקלט, ווי זיי וואָלטן אונטערדרעמלען, —
ציען די אַראַבער נאָגנדיק און שטיל אַ תּפֿילה־ליד.

צוואַנציק קעמלהעלדזער הויך פֿאַרריסן מיט די קעפּ,
באַהאָנגענע מיט קרעלן און מיט גלעקלעך,
וואָס פֿאַרלירן דין געקלימפּער און געקלאַנג, אין זאַמד, וואָס גליט, —
ציען אין דער ברענענדיקער ליכט פֿון מזרח־סטעפּ,
מיט וואַנדערלאַסט, מיט לאָגלען, זעק און זעקלעך,
און ס׳ציען ביי דער זייט זיך צוואַנציק קעמלשאָטנס מיט...

ב

אַז דער קעמלרײַטער זוכט אַ ביסל שאָטן
קעגן פֿײַער פֿון דער זון,
און שטעלט דעם קעמל אָפּ,
און זעצט זיך אונטער זײַן פֿאַררינן־לאַנגן האַלדז,
וואָס שטאַרט אַרויס צום הימל,
ווי אַ גרויסער פֿרעגצייכן, —
זעט מען ערשט ווי גרויס דער מדבר איז,
ווו ס'טראָגן וואַנדערער דאָס לעבן זייערס דורך...

אַז דער קעמלרײַטער ציט דעם קעמל
ביי דעם שטריק פֿון האַלדז,
און הייסט אים קניען צו דער ערד,
און מאַכט זיך פֿון זײַן האַלדז אַ טרעפּ
צו קאָנען לײַכטער זיך אויף אים אַרויפֿזעצן
און לאָזן זיך אין מדבר־וועג, —
זעט מען ערשט ווי ווײַט די וויסטקייט ציט,
און טראָגט אויף זאַמדן טריט מיט לאַסט פֿון דורשט און פּײַן...

ג

אַז אַ קעמל גיט אַ קרעכץ —
וואַקסן בערג פֿאַר מיינע אויגן אויס,
בערג מיט לאַסט פֿון אומדערטרעגלעך שלעכטס,
מדבר אין דער גאַנצער ווייסטער גרויס...

אַז אַ קעמל ברעכט זיך איין,
האַלט נישט אויס און פֿאַלט אויף אַלע פֿיר, —
פֿאַלט ער ווי אַ באַרג אין טאָל אַריין,
איבערלאָזנדיק די שווערקייט — מיר...

## קעמלען אינדערנאַכט

נישט צו וויסן וואָהין, פֿונוואַנען —
ציען ווי בגנבה מיט פֿאַרדאַכט,
פֿאַר מיין פֿענצטער, לאַנגע קאַראַוואַנען
קעמלען אינדערנאַכט.

גלעקלעך קלינגען ווי פֿון ווינט באַוויגן,
די געשפּאַנען קלאַפּן שווערלעך, מיד,
קעמלפֿירער נאָגן שטיל, פֿאַרצויגן,
אינדערנאַכט אַ ליד.

ליג איך, וויג זיך מיט דער שטוב אין דרעמל,
הער איך: שטעלט אַ קאַראַוואַן זיך אָפּ,
און אין פֿענצטער זע איך: פֿון אַ קעמל
איינגערעמט אַ קאָפּ...

ס'פֿאַלט אַ רוף, נאָך אים: אַ פֿייף אַ טויבער,
ווערט געהיים מיר יעדער שאָרך און ריר,
ס'דאַכט זיך מיר, אַז ס'ציען מחנות רויבער
אינדערנאַכט צו מיר.

גיי איך שוין אַראָפּ די טיר פֿאַרשליסן —
עפֿנט זי זיך אויף פֿון מיין פֿאַרדאַכט:
שטייט אַ קעמל מיטן קאָפּ פֿאַרריסן,
איינציק אינדערנאַכט.

## אַפּגעריסן...

מיט אַ ליידיקן הילצן געשפּאַן אויפֿן האָרב,
מיט אַן איבערגעריסענער שטריק אויפֿן האַלדז —
האָט אַ קעמל פֿון ערגעץ פֿאַרבלאָנדזשעט צום ים.

שטייט ער אַן איינזאַמער הארט נעבן ברעג,
אַ זאַמדיק-קאָלירטער אין גאָלדענעם זאַמד,
דעם בויך נאָכגעלאָזט, ווי אַ באַלעם פֿון זעק,
דעם האַלדז אויסגעצויגן,
דעם קאָפּ הויך און זייטיק,
די פֿיס אומגעלומפּערט צעשטעלט, ווי צום גיין —
היט ער דעם אייגענעם שאָטן ביים זייט,
ווי אַ נאַקעט פֿאַרקריפּלט פֿיר-פֿיסיקער שטאַם
פֿון אַן אוראַלט פֿאַרווילדעטן פֿייגנבוים.

שטייט ער ווי אַריינגעוואַקסן,
שטייט און רירט זיך נישט פֿון אָרט;
אַ האַלב פֿאַרנויגטער זיצט דער טאָג שוין אויף זיין רוקן,
און קוקט אים ווי אין אומעט-טייכלעך
אַריין אין די טונקל פֿאַרוואַסערטע אויגן,
וואָס טרערן מיט גאָלד און וואַרעם ליכט —
אַנטקעגן דער זון, וואָס זינקט שוין אין ים,
און שרעקט אים מיט פֿאַרנאַכטן-רויש,
מיט אויסגוס נעבן זיינע פֿיס,
נאָר ס'ענטפֿערט אים דער קעמל
מיט אַ לאַנגזאַם פֿויל באַוועגן מיטן קאָפּ, אויף: ניין! —
ער וועט נישט גיין...

גייט דער טאָג פֿון אים אַרונטער,
ווי דער פֿרומער קעמלפֿירער צו דער תּפֿילה,
זעצט זיך אויף זיין אָרט אַרויף דער אָוונט,
נעפּלדיק און בלאָלעך ווי אַ חלום,
לעשט אים אין די אויגן אוים די שקיעה,
צינדט אין זיי פּיאָלעטיש צער
פֿון שטומען יאָך און עלנט —
פֿאַררייסט ער העכער מיטן האַלדז און קאָפּ,
און דרייט מיט אים נאָך איינגעעקשנטער, אויף: ניין! —
ער וועט נישט גיין...

איז אַראָפּ פֿון אים דער אָוונט,
און די נאַכט אויף אים אַרויף,
געזעצט זיך מיט דער פֿינצטערניש צעהאָנגען
ווי אַ בעדואינער אין זיין שוואַרץ-צעלאָפּענער אַבאַיע —
האָט דער קעמל מיטאַמאָל ווי איינגעבראָכן זיך פֿון לאַסט —
אַ פֿאַל-געטאָן שווער פֿון די פֿים אויף די קני,
דעם בויך דעם ריזיקן ווי איינגעגראָבן אין דער ערד,
דעם האַלדז ווי צו דער שחיטה אויסגעשטרעקט
אַרויף, צום טיפֿן אויסגעשטערנט סאַמעט-ווייכן הימל,
און מיט פֿאַרפֿאַקטע אויגן פֿול מיט נאַכט —
געזוכט-וואָס אין די פֿלעמלענדיקע ווייטן,
מיטן קאָפּ זיך ווי מיט עמעצן געוועדט,
געדרייט מיט אים אויף רעכטס און לינקס, אויף: ניין! —
ער וועט אין קאַראַוואַן-אַריין צוריק נישט גיין...

## גאָבעלין

פּייפּט אַ פּאַסטוך אויף זיין פלויער —
אויסבאַהאַלטן ערגעץ וווּ;
מיט אַן אָפן מויל און אויער,
הערט זיך אַלץ צום פּייפן צו.

טענער פאַלן מיט אַ טרויער,
ס'נענט דער טאָג שוין צו צום סוף;
צו דעם מזרחס גאָלדן טויער —
אָוונטיקע, ציען שאָף;

גייען נאָכן פּאַסטוכס פלויער,
שטעלן נעבעכדיק די טריט,
שאָקלען מיט די קעפּ — באַדויער,
און די נאַכט פון הינטן — מיט.

## ליד פֿון פּאַסטוך

בין איך מיר אַ גענעראַל
פֿון אַ פֿרידלעכער אַרמיי;
ס'גייען שאָף און רינד מיר נאָך,
וווּ איך וויל און וווּ איך גיי:

טורי, טורי, טורי־רו —
פֿייף איך אויף מיין פֿייפֿל צו,
טורי־רו.

גייען מיר פֿון לאַן צו לאַן,
וועקט זיך איבער אונדז דער טאָג,
דעקט זיך אָפּ און ווייזט די זון,
ווייז איך אויך, וואָס איך פֿאַרמאָג:

טורי, טורי, טורי־רו — — — —

כ'האָב אַ ריטל, שיילט עס זיך
ווי מיין ברוין־פֿאַרברענטע הויט,
אין אַ קענדל — וואַסער קאַלטס,
און אין טאַש — אַ לחמה ברויט:

טורי, טורי, טורי־רו — — — —

וועמען איז נאָך גוט ווי מיר —
אָן אַ ביקס און אָן אַ שווערד,
פֿון באַגינען ביז פֿאַרנאַכט —
צו באַלאַגערן די ערד:

טורי, טורי, טורי־רו — — — —

בין איך מיר אַ גענעראַל
פֿון אַ פֿרידלעכער אַרמיי;
ס׳גייען שאָף און רינד מיר נאָך,
ווו איך וויל און ווו איך גיי:

טורי, טורי, טורי־רו —
פֿייף איך אויף מיין פֿייפֿל צו,
טורי־רו.

## צום פּאַסטוכל

פּאַסטוכל, העי!
פּאַסטוכל, שטיי!
שרעק זיך נישט,
האָב נישט קיין מורא פאַר מיר,
כ'קום אין די בערג,
פון שטעטישע מערק,
כ'האָב אויף יאַרידים פאַרבענקט זיך נאָך דיר,
העי!

ווי לאַנג נישט געזען דיך,
ווי לאַנג נישט געהערט,
שוין לאַנג זיך נישט איבער דיין פייפן פאַרקלערט,
שוין לאַנג נישט געגאַנגען אַזוי ווי אַמאָל —
געפינען דיך פייפנדיק ערגעץ אין טאָל,
שוין לאַנג!

פּאַסטוכל ברוינס,
דו ווייסט ווער איך בין?
אַ פּאַסטוך ווי דו,
נאָר אָן רינד און אָן שאָף,
איך האָב נישט קיין פייפל,
און ס'פעלט מיר דיין רו,
און ס'נעמט מיך אַפילו אויף היי נישט דער שלאָף —
פּאַסטוכל דו.

כ'זע, דו פאַרשטייסט נישט,
ווי קענסטו פאַרשטיין,

וואָס עס רעדט
אַ פּאָעט
און — דער אומעט אַליין,...
האָסט אַ פּייפּעלע — פּייף,
האָסט אַ טשערעדע — פּיר,
אויב ס'איז עמעצן גוט —
איז עס פּאַסטוכל — דיר.
פּייף!

## זיסע מידיקייט

ווען דער אַקער האָט געגליט
אַנטקעגן פֿייער פֿונעם טאָג,
האָב איך די מידיקייט אין אָנמאַכט
פֿונעם פֿעלד אַראָפּגענומען,
זי אַוועקגעפֿירט מיט אַ צעכראַסטעט האַרץ
צום עקאַליפּטוס-בוים
דעם איינציקן ביים וועג,
און זי אַוועקגעלייגט אין שאָטן, ווי אַ קינד...

האָט רו ביים שטאַם,
געגעבן אויף צוקאָפּנס מיר די האַנט —
ווען דורך די צווייגן האָט דאָס ליכט
געריסן זיך צו איר,
און שלאָף איז איר באַפֿאַלן,
און די אויגן איר פֿאַרמאַכט,
און ווי אין דורשט —
האָט הייסער ווינט צעעפֿנט איר דאָס מויל,
און ס'האָט די מידיקייט געשמייכלט,
און אין שלאָף אַזוי —
געטרונקען מיט דער פֿולער ברוסט,
פֿון אַלע ריינסטע קוואַלן:
קרעפֿטיקייט ווי שיכּרות
אָנגעטראָגן פֿונדערווייט,
ווי ס'האָט פֿון בערג און טאָלן, טיף
געגאָסן זיך ווי ווייַן
מאַראַנצנזאַפֿט און טרויבנזאַפֿט:
די ברכה פֿון דער ערד.

## האָראַ

— העי, ווו זענט איר? חברה! חברה!
יודקע, לייבקע, נו, צפּורה!
ס׳וועט נאָך זיין אויך צייט אויף שלאָפן,
פון די צעלטן! קומט! אַ האָראַ!

אָנגעטראָגן, אָנגעוואָרפן
האַלץ אַ באַרג, ווי שטרוי אין שייער,
ווער עס וויל אַ קרבן ברענגען,
מוז אַ טאַנץ־גיין אַרום פייער...

אוך! ווי ס׳ברענט, ווי ס׳קנאַקט און פלאַקערט,
ווי די נאַכט איז אָנגעצונדן,
שליסט זיך! שליסט זיך! מען צעפּאַלט נישט,
ווען מען האַלט זיך פעסט געבונדן.

אָט אַזוי! נאָך ברייטער, ברייטער,
נעמט דעם סטעפּ אַרום אינגאַנצן,
זאָל ער מיט די בערג פאַררויטלט
דרייען זיך מיט אונדז און טאַנצן;

ווער עס טאַנצט נישט — דער זאָל פליעסקען
מיט די הענט און אונטערהייצן;
זאָל מען פון דער גאַנצער סביבה
אַלע הינט אויף זיך צערייצן;

זאָל די שטילקייט זיך צעלויפן
און אין חושך זיך צעבילן:

— יאַשקע, יאַשקע! די גאַרמאָשקע!
צי, און הער נישט אויף צו שפּילן!

זאָל מען פֿילן אונדזער כוח,
אונדזער פֿרישן קוואַל מיט לעבן,
אַז פֿאַר אונדזער הייסן ווילן,
מוז אויך שטאָל זיך אונטערגעבן;

האָט מען היינט אַ טאָג פֿאַראַרבעט,
אַז דער רוח האָט גענומען!
פֿון די פֿעלדער, ווי די זעלנער,
נאָך אַ שלאַכט צוריקגעקומען

פֿול מיט פֿרייד, ווי וואָגנס תבואה,
זאָגט פֿון ווייזן וואָס מיר קענען —
הילכט-זשע חברה: מי אנחנו?
זאָל מען וויסן ווער מיר זענען;

זאָל די ראָד אַריין אין מאָרגן,
יודקע, לייבקע, אוך, צפּורה!
ברענט נאָך ס'פֿייער — זאָל מען גליען,
גליט נאָך — זאָל מען שמידן, האָראַ!

### רחובות

העל געזוניקט שטייג איך בארג-ארויף,
און מיין שאָטן נידערט בארג-אראָפּ;
פֿאַלט רחובות צו צו מיינע פֿיס,
און צעשיט פֿאַר מיר איר גוטס און האָב:

ווײַנשטעק, גערטנער מיט אָראַנזשן פֿול,
שוואַרצע איילבירט, מאַנדלען אין דער שאָל,
ביימלעך, ביימלעך, גלייכע ריי נאָך ריי
הויבן און פֿאַרלירן זיך אין טאָל.

און אַ הימל ווי אַ פּרוכת בלאָט,
פֿלאַטערט וואַרעם ווי אַ פֿאָן פֿון זייד,
איבער אַלץ, וואָס גאָלדיקט, ברוינט און גרינט,
און צעלויפֿט זיך אין יהודה ווייט.

## תל־אביב

אויפֿן זאַמדיק-ווייכן העלן ברעג פֿון בלאָען ים,
ווו ס׳האָבן שיפֿן אָפּגעלאָדן כוחות, שיף נאָך שיף —
פֿלאַטערט ווי אַ שלום-פֿאָן, אַנטקעגן אינדערווייט,
די ליכטיקייט און זוניקייט פֿון פֿרילינג: תל-אביב.

הייזער, הייזלעך: ווילעס, אויסגעפּאַרעמט אין געבוי,
ווי דיכטערישע סטראָפֿן פֿון אַ גוט-געשליפֿן ליד —
שטייען און באַטראַכטן זיך אַליין פֿון קאָפּ ביז פֿיס,
ווי צניעותדיקע תימנקעס, וואָס קוקן אויף די טריט...

דורך די גאַסן: כבישים, טראָטואַרן לינקס און רעכטס,
צעלאָפֿן און צעלייגט ווי גראָע פֿלאַסטערס פֿון בעטאָן,
איבער פֿליכעס וויסטיקע, ווו ס׳האָבן דורות פֿיל
אין דרעמלענדיקער פֿוילקייט אויסגעקוקט ס׳זאָל פֿאַלן מאָן...

פֿון דער נאָענט — די זקנה: שכנה יפֿו ביי דער זייט:
אַ באַרג פֿון אַלטוואַרג אויפֿגעשאָטן — ליגט זיך ווי אין רויך,
כמורעט זיך אַ ברוגזע און הויבט פֿון אַ מעטשעט
אַ טורעם ווי אַ פֿינגער אויף, צו „אַללאַ” אינדערהויך...

נאָר, אַז ס׳קומט אַ יום-טוב אין דער ריינער יידנשטאָט,
וואָס האָט דאָס אויסזען פֿון אַ האַפֿן: יעדעס הויז — אַ שיף,
און אין מאַכמעדאַניש נעבי-מוסאַ, ראַמאַדאַן —
קומען זיי פֿון יפֿו — טאָן אַ לעב אין תל-אביב...

## הדר הכרמל

ליגן גאַסן,
ווי טעראַסן,
באַרג-אַרויף, ווי איבער טרעפּ,
ווו עס שטייען הייזער-רייען,
העל און זוניק, קעפּ אויף קעפּ,
ווי עס וואָלט זיך איינם דאָס צווייט
אַרויפגעשפּרונגען אויפן קאַרק,
צו דערבליקן מיט די פענצטער —
דעם צופיסנם פונעם באַרג...

קוקן שויבן ווי די אויגן,
ליכטיק פונדערהייך אַראָפּ,
זעען זיי ווי שיפן קומען צו צום ברעג
און גייען אָפּ,
און ווי זיי — אויך שטילע זעגלען
מיט די מאַסטן ווי די טאַנען —
קרייזן ביי די בלאָע ראַנדן,
מאַיעסטעטיש, ווײַס ווי שוואַנען,
קרייזן, זוכן און געפינען:
גאָלד פון זונען
פון די טעג,
זילבער פון די נעכט די ווייסע,
ווען צו גאָט פירט יעדער וועג...

און פון אויבן: ליגן גאַסן,
ווי טעראַסן איבער טרעפּ,
הייזער שטייגן זיך אַריבער,

שפּרינגען איבער פּאַלמענקעפּ,
און פֿון באַרג — געקרויזט, באַוואַקסן
און געשווירן ווי אַ קאָפּ —
פֿלייצט די גרינקייט פֿון די גערטנער,
בליענדיק צום ים אַראָפּ...

## אין די בערג ירושלימס

א

בערג מיט בערג, בערג מיט בערג —
אויפֿגעלאָפֿענע און נאַקעטע
און איך — צעווישן זיי — אַ שטויבעלע
אַרומגענומען ווי מיט פֿעסטונגען —
גיי איינגעמען דאָס שווערסטע
און דאָס הייליקסטע:
גאָטס שטאָט: ירושלים.

ב

בערג מיט אַקסלען און מיט פּלייצעס,
שניידן מיט די שאַרף-האָרבאַטע רוקנס זיך אַריין
אין ווייסלעכיץ פֿונעם אָפּגעקילטן אָוונט-הימל,
ווי פֿאַרריסענע און שטייפֿע קעמלען
וואָלטן קאַראַוואַנענווייז, צעשאָטענע,
געצויגן מיט דער נאַכט אויף זיך —
באַלאַגערן די טויערן פֿון ירושלים.

ג

צערוקט אייך בערג! צערוקט אייך! כ׳ווער דערשטיקט!
מיך ווארגט א ווילד באגייסטערונג-געשריי פון מאכט,
און ס׳דאכט זיך מיר, אז כ׳וואלט אצינד אליין די בערג צעריקט
מיט אור־כוחות פון בראשית אויפגעוואכט.

צערוקט אייך בערג! ס׳איז ענג מיר אייער קייט!
צו הויך פארריסן האלט איר אײרע שטייפע קעפ
און קוקט זיך איינס דאס אנדערע אריבער בלינדערהייט —
ירושלימס פירנדיקע טרעפ.

ד

אַ באַרג טראָגט אַ באַרג אויפֿן קאַרק,
אַ טאָל פֿאַלט אַריין אין אַ טאָל,
און אַזוי אינדערלענג, אינדערברייט —
ציט פֿון בערג זיך אַ קייט נאָך אַ קייט,
ליגט די האַרטקייט די נאַקעטע, שטייף
און באַדעקט מיט אַ פֿעלדזיקער שאָל,
און צעווישען — מיט טעלעגראַפֿדראָט —
גייען סלופּעס צעשאָטענערהייט,
לויפֿן רעלסן ווי שלאַנגען פֿון שטאָל,
וועקט די טויבקייט אַ שניידיקער פֿייף
פֿון אַ באַן, וואָס זאָגט אָן, אַז זי גייט
צו דער הייליקער, שטיינערנער שטאָט,
און פֿירט לעבן אַדורך דורכן טויט —
איבער וועגן, וואָס וויקלען שמאָל,
ווי אַ באַרג טראָגט אַ באַרג אויפֿן קאַרק,
און אַ טאָל פֿאַלט אַריין אין אַ טאָל.

ה

ווי געפּאַלמעסט און צעשניטן,
ווי געפּערטלט מיט אַ זעג,
ליגן בערג דאָ, און אין מיטן
שניידט און דרייט זיך דורך אַ וועג.

און אויף אים — מיט גלאַנץ פּאַרצויגן:
רעלסן — אָדערן פֿון שטאָל,
און אַ באַן מיט שטאַרע אויגן
ריטשט זיך ווי אַ שלאַנג אין טאָל.

פּויזשעט, קרומט זיך, און פּאַרלירט זיך,
ווייזט זיך פּלוצלינג אינדערהויך,
בלייבט אַ ווײַלע שטיין און רירט זיך,
לאָזט צעלאָזטע צעפּ פֿון רויך,

לויפֿט און דרייט זיך גיך און גיכער,
וועקט די בערג פֿון פֿעלדזנרו,
גלייכט זיך אוים און לאָזט זיך זיכער,
צו ירושלים צו.

## ירושלים

שטיין צו שטיין,
שטיין אויף שטיין,
איז פֿון שטיין דאָ יעדעס הויז.
אַזוי גאָס איין,
אַזוי גאָס אויס,
באַהאַלטן אויך זיך געסלעך אויס
מיט טרעפּ אַראָפּ,
מיט טרעפּ אַרויף,
און ווו דו זאָלסט נישט גיין,
איז — שטיין,
און ווו דו זאָלסט נישט גיין,
איז — קנאָך
און שטויב פֿון שטיין,
וואָס לויפֿט דיר נאָך
פֿון מינדסטן ווינט,
און עסט דיך אויף,
און מאַכט דיך גראָ —
און מאַכט דיך בלינד,
ווען טאָג איז גאָלד אויף הימלבלאָ.

פֿאַרריסן, הויך, און איבער אַלץ:
דער לאַנגער האַלדז
פֿון מינאַרעט,
און ס׳ווייסע קאַפּל פֿון מעטשעט,
און קלויסטערקאָפּ,
און טורעמשפּיץ,
קופּאָלן, צלמים,

בליאַסק און בליץ,
וואָס פֿאַלט אויף שטיין מיט קלויסטערקלאַנג,
מיט מועדזינען־אויסגעשריי ;
מ׳רופֿט צו תּפֿילה און געבעט —
אין אַלטער שטאָט :
צום אַלטן גאָט
פֿון רחמים חסד און גענאָד ;
אין נייער שטאָט :
צום נייעם גאָט,
וואָס וווינט אין שטיינער־האַקעריי,
און רייסט דעם פֿעלדז
און שטיינערבאַרג,
און וואַרפֿט דעם שטיין
אין געטערמאַרק...

## תימנער יידן

ברוין און בוימלדיק אָליוו,
דאַר און קנאָכיק, הויט און ביין —
קוקן אויגן פֿונדערטיף,
שוואַרץ און קלוג, און פֿול מיט חן;

חן, פֿון צניעות און געמיט
פֿון פֿאַר ליב-נעמען דאָס אַלץ,
וואָס השם-יתברך גיט —
אַבי האָבן ברויט מיט זאַלץ,

און אַ דאַך איבערן קאָפּ,
אויף צו שיצן הויט און ביין —
ווען די נאַכט ווערט קיל אַראָפּ
און מ'עט דאַרפֿן שלאָפֿן-גיין:

ליגן ווי די שאָף און רינד,
אויסגעבעטע אויפֿן דיל,
מיטן גאַנצן הויזגעזינד —
אויסער, אויפֿדערוואַך — די גריל.

## תימנער קינדער

גופּימלעך און הענטלעך, פּיסלעך — דינע,
ווי שוין לאַנג פֿאַרטריקנט־דאַרע צווייגלעך;
פּנימלעך ווי רויע איילבירט גרינע,
און ווי שוואַרצע איילבירטן — די אייגלעך.

ייִנגעלעך מיט ציצית און מיט פּאהלעך,
שפּרינגען אָן תחתונימלעך ווי ציגן;
מיידעלעך באַהאָנגען מיט קמיע׳לעך,
ווערן אויפֿגעגעסן פֿון די פֿליגן...

זענען תימנער פֿון ייִנגלעך שטאַרק צופֿרידן:
(ס׳וואַקסט דאָך אַ בן־תורה און אַ למדן!)
און זיי פּלאָדיען, בריען אויס די ייִדן,
ווי די הינער — הינדעלעך אויף זאַמדן.

## כ׳פֿאַרלאָז אייך נישט

כ׳פֿאַרלאָז אייך נישט שוועסטער, כ׳פֿאַרלאָז אייך נישט ברידער,
כ׳פֿאַרלאָז נישט דאָס פֿעלד ווו כ׳האָב אויך וואָס געגעבן צו שטייער,
אַן עדות פֿון ליבע צו אייך — מיינע אַרבעטער־לידער,
געזונגען פֿאַר אייך און מיט אייך, ווי מיט שמידער ביים פֿייער.

ווער ס׳איז מיט אייך איינמאָל ביים אָרעמען מאָלצייט געזעסן,
געזען אייער ליכט פֿון די אויגן, צעצונדן פֿון גלויביקע פֿונקען —
דער וועט שוין קיין זיסערס פֿון אייער ברויט קיינמאָל נישט עסן,
נישט האָבן קיין ריינערס פֿון אייערע קוואַלן געטרונקען.

ווער ס׳האָט זיך געוואַרעמט ביי אייך און מיט אייך אונטער זונען,
ווער ס׳האָט מיט אייך האָראַ געטאַנצט און די פֿליגל צענומען —
דער וועט שוין אין ערגעץ קיין אָרט זיך נישט האָבן געפֿונען,
דער וועט ווי אַ טויב — צו דעם אייגענעם טויבנשלאַק קומען.

כ׳פֿאַרלאָז אייך נישט, שוועסטער, כ׳פֿאַרלאָז אייך נישט, ברידער,
דער שטויב איז מיר — זילבער, ווי גאָלד מיר — די זאַמדן דאָ טייער,
אַן עדות פֿון ליבע צו אייך — מיינע אַרבעטער־לידער,
געזונגען פֿאַר אייך און מיט אייך, ווי מיט שמידער ביים פֿייער.

## צו אַ טאָכטער פֿון לאַנד

שוועסטער, פֿאַרלאָז נישט דאָס לאַנד
וועמענס טאָכטער דו ביסט,
פֿאַרלאָז נישט דיין היים מיט די ברידער,
וואָס ציען מיט דורשטיקע העלדזער,
ווי קעמלען אין מדבר —
אַ קוואַל צו געפֿינען,
און זוכן אין הונגער אויף סטעפּישער דאַרקייט —
ווו ברויט צו פֿאַרזייען.

ווער וועט זיי העלפֿן
די שריפֿות אויף פֿעלדער פֿאַרלעשן,
און זינגענדיק שניידן און בינדן,
און פֿיבערדיק פֿירן צום דרעשן —
אַז דו וועסט נישט זיין?!...

ווער וועט זיי העלפֿן פֿאַרזעצן און פֿלאַנצן,
און רייסן פֿון כרמים די מאַנדלען,
און שניידן פֿון גערטנער מאַראַנצן —
אַז דו וועסט נישט זיין?!...

ווער וועט די פֿליים און די מי זיירע — שוועסטערלעך ליבן,
און טראָגן מיט זיי פֿון די וויינשטעק
דעם וויין אין די טרויבן —
אַז דו וועסט נישט זיין?!...

ווער וועט אַ העמד זיי,
אַן אַרבעטער־העמדל פֿאַרזאָרגן,

פֿאַרריכטן, פֿאַרוואַשן דעם שווייס,
אַז ס׳זאָל טרוקן־זיין מאָרגן —
אַז דו וועסט נישט זיין?!...

ווער וועט זיי וואַרעמקייט טיילן,
און טרייסט אויף צום האָפֿן,
און קומען צום ברודער, ביינאַכט
אין געצעלט־אַריין שלאָפֿן —
אַז דו וועסט נישט זיין?!...

שוועסטער, פֿאַרלאָז נישט דאָס לאַנד,
וועמענס טאָכטער דו ביסט,
פֿאַרלאָז נישט דיין היים.

## נישט דאָס, וואָס ביי אונדז

נישט דאָס, וואָס ביי אונדז אינדערהיים אין דער נייער, נישט דאָס!
אונדזער לענדל איז קליין, נאָר דערפֿאַר — אַזוי וואַרעם און העל,
יעדער איינער ביי אונדז אויפֿדערפֿריי — ווי אין ים אַ מאַטראָז:
שווימט בייטאָג צו אַ גאָלדענעם ברעג,
רוט ביינאַכט אויף אַ זילבערנער שוועל...

אונדזער קלייד איז נישט שטייף, און דער גאַנג — אַזוי פּשוט און פּראָסט,
ווי דאָס אַרבעטערהעמד פֿון אַראַבישן לײוונט געניית;
אונדזער ליד איז דער רוף: גיב צו שטייער אונדז אַלץ וואָס דו האָסט!
ס'איז בשותּפֿות די זאָרג, און בשותּפֿות די זאָרגלאָזע פֿרייד...

אונדזער זון איז נישט קאַרג, — איז דער הימל נישט כמורנע און גראָ,
אונדזער מענטש איז נישט ענג, ער האָט רוים, ער האָט פֿליגל און בלוט, —
איז די שווערקייט אים לייכט, ווי די לופֿט, וואָס איז דורכזיכטיק בלאָ,
און די פֿרייד זיינע — רויט פֿון דער ברכה פֿון אַלץ וואָס ער טוט...

נישט דאָס, וואָס ביי אונדז אינדערהיים אין דער נייער, נישט דאָס!
אונדזער לענדל איז קליין, נאָר דערפֿאַר — אַזוי וואַרעם און העל,
יעדער איינער ביי אונדז אויפֿדערפֿריי — ווי אין ים אַ מאַטראָז:
שווימט בייטאָג צו אַ גאָלדענעם ברעג,
רוט ביינאַכט אויף אַ זילבערנער שוועל...

## צו מיינע ברידער — דיכטער

ברידער מיינע, אומעט-דיכטער!
אַנדערש וואָלט מען אונדז געהערט,
אַנדערש וואָלט צעגאַנגען זיך און אָפּגעקלונגען
אונדזער ליד —
ווען ס'וואָלט פֿון אונדז געשלאָגן זאַפֿט
און קראַפֿט
פֿון ערד,
געשפּאַרט, געריסן זיך מיט שווונג און מיט פֿאַרמעסט,
ווי ס'האָט אין צייט פֿון שניט —
די קאָסע אין דער האַנט;
ווען ס'וואָלט פֿון אונדז געאָטעמט וואַרעמקייט
פֿון אייגן היים און נעסט,
פֿון פֿריש און אייגן ברויט;
ווען ס'וואָלט פֿון אונדז געשמעקט
מיט לאָנקע און מיט פֿעלד,
מיט טוי
און גנוי,
מיט שטאָלגערוך,
מיט מיסט פֿון קי און פֿערד:
וואָלט אַנדערש זיך געזונגען, דיכטער-ברידער,
אַנדערש ברידער, וואָלט מען אונדז געהערט.

## אַנדערש...

אַנדערש, אַנדערש האָט זיך מיר געזונגען —
דאָרט, ווו הימלען זענען שטענדיק בלוי;
אַנדערש — אינדערלופֿט האָט אָפּגעקלונגען
ס׳ליד מיינס וועגן אַרבעט, וועגן בוי.

אַנדערש זענען זיי געווען, די טענער —
מונטערער און פֿרייער פֿונעם ווינט,
און דער ריטעם — אימפּעטיקער, שענער —
נישט ווי אין דער אַלטער היים אַצינד...

אַנדערש האָבן פֿאַרבן זיך געצונדן,
גאָלד פֿון זאַנגען האָט אין ליד געהעלט —
ווייל געווען בין איך מיט ערד פֿאַרבונדן,
און געפֿילט די רו אין אַ געצעלט.

אַנדערש, אַנדערש האָט זיך מיר געזונגען
דאָס געזאַנג אין פֿעלדזן־שטאַרקן כאָר
מיט די שוועסטער — מיידן; ברידער — יונגען
פֿון אַ נייעם און געזונטן דור.

## אַ גרוס...

דער צער און טרויער איצט, אין מיינע לידער,
איז פֿון אייערע און מיינע שוועסטער, ברידער;
איז פֿון אייערע און מיינע טאַטע־מאַמע —
אינדערוווייט — אַ גרוס אַ נאָענטן, פֿאַר אייך;
אַ גרוס פֿון ווערבעס האַרבסטיקע,
וואָס שטייען ביי אַ טייך
און —
עפּעס שרייבט זיך אַזוי שווער!
אַ צווייט מאָל — מער.

## אַ בריוו קיין ארץ־ישראל

שוועסטער מיינע, ברידער מיינע!
וווּנדערט זיך נישט, וואָס איך האָב ביז איצטער נישט געשריבן
און ווי טויט — געשוויגן.
ס׳איז נישט איין בריוו שוין ביי מיר געבליבן
נישט פֿאַרענדיקט ליגן,
ווי אַ שטיין...

ס׳איז אָרעם יעדע שפּראַך צו שילדערן די אָרעמקייט,
דאָס דחקות און די נויט,
וואָס כ׳האָב געטראָפֿן,
נאָך מיין אומקערן זיך ווידער
אין דער אַלטער היים —
ביי אייערע און מיינע שוועסטער, ברידער.

דריי יאָר צייט — ווי כ׳דריי זיך ווידער דאָ אַרום
ווי אַ געפֿאַנגענער,
און קאָן קיין אָרט זיך נישט געפֿינען;
כ׳בין דאָ פּשוט שטום־געוואָרן, שטום,
ווי שטום עס שרייט דער צער פֿון יעדנס אויגן דאָ,
וואָס קוקן אויסגעלאָשענע, ווי אויסגערונען
אין דער גראָקייט פֿון די זיבן טעג אין וואָך:
אויף זייער אונטערגאַנג,
אויף זייער בראָך...

איר וואָלט דאָ גאָר און קיינעם נישט דערקענט:
נשׂרפֿים דרייען זיך אַרום דאָ מיט אָראָפּגעלאָזטע הענט,
ווי אָפּגעשטעלטע ווינטמיל־פֿליגל איבער וועגן;

רוקנס אָנגעבויגענע ווי פּרעגצייכנס, זיי פּרעגן,
פֿרעגן אין־דער־וועלט־אַריין:
— איז וואָס וועט זיין,
איז וואָס וועט זיין דערפֿון?
און יונגע ווי די אויסשרייצייכנס קלאָגן זיך:
— נישטאָ, נישטאָ די כוחות ווו אַהינצוטאָן!...
מען לאָזט אונדז נישט צעוואַקסן זיך, צעבליען —
כאָטש מיר וואָרצלען טיף דאָ, טיף;
מיר האָבן פֿליגל, נאָר מען לאָזט נישט פֿליען...
— — — — — — — — — — — — — —

כ׳ענדיק שוין דעם בריוו,
איך וויל נאָר אונטערציען
דעם סך־הכל בלויז:
אין שטעט און שטעטלעך שטאַרבט אַ יידיש לעבן
און, גייט אוים.

## וואָס הערט זיך אין דער נייער היים

וואָס הערט זיך עפּעס אין דער היים, דער נייער?
ווי לאַנג איך בין שוין דאָרטן נישט געווען!
צי שלאָגט פון די חלוצים נאָך יענץ פייער?
פאַרמאָגן זיי נאָך איצט-אויך יענעם ברען?

צי זינגט מען נאָך אַזוי אויף רושטאָוואַניעס,
אויף דעכער און אויף ברוקן — ביים בעטאָן?
צי טאַנצן ווי אַמאָל נאָך, די קאָמפּאַניעס,
וואָס שטעלן פאַרן מאָרגן — זיך אין קאָן?

צי האַלט נאָך תל-אביב זיך אין איין בויען?
צי וואַקסט זי נאָך אַזוי ווי איבער נאַכט —
אַ זילבערנע, אַ גאָלדענע, אין בלויען —
אַ שטאָט ווי אין אַ מעשה אויסגעטראַכט?!

און יפו, חיפה און ירושלים? —
די אַלטע שטעט ווו נאָר „אַללאַ" איז גרויס —
צי כמורען זיי זיך אַלץ נאָך אויף דאָס נייע,
וואָס זייער שכן, דער „יאַהוד" בויט אויס?

צי זענען נייע וועגן צוגעקומען?
ווו ציען זיי, ווו פירן זיי אַצינד?
ווו האָט מען ווידער פעלדז און באַרג צענומען,
אויף שטויב צעטראָגן, ווי דער מדבר-ווינט?

און וואָס איז, זאָגט מיר, מיטן נייעם שרון,
וואָס האָט זיך ערשט נישט לאַנג געהאָט צעבליט?

צי האָבן זיי שוין ברויט דאָרט פֿונעם קאָרן?
ווי גיט זיך עפּעס איין דער ערשטער שניט?

ווער האָט זיך ווי געפֿלאַנצט אַ פּרדס היי־יאָר?
ווער האָט זיך ווי געקויפֿט אַ שטיקל ערד,
געבויט אַ שטאַל און אויפֿגעשטעלט אַ שייער?
ווער שאַצט שוין, וואָס זיין אייגנס האָט די ווערט?...

איז דאָ געגנוג אין עמק היינט צו עסן?
און אויבערשטער און אונטערשטער גליל?
איך האָב דאָס לאַנד פֿון חלום נישט פֿאַרגעסן,
און ס'ווילט זיך פֿרעגן, אויספֿרעגן זיך פֿיל.

וואָס הערט זיך עפּעס אין דער היים, דער נייער? —
ווי איך האָב דורכגעלעבט מיין העלסטע צייט
און איז ווי אַ געליבטע נאָנט מיר, טייער,
און באַנג — ווי אַלץ, וואָס ליגט אויף יענער זייט...

## עס שרעקט...

עס שרעקט מיך דער געדאַנק, אַז כ׳וועל דאָ מוזן בלייבן,
און נישט קאָנען שוין אַרוים פֿונדאַנען,
צ׳ריק אַהין, ווו כ׳פֿלעג מיט ליבע אַלץ באַשרייבן,
אַלץ, וואָס איז אין גאָלדן לענדעלע פֿאַראַנען.

עס שרעקט מיך דער געדאַנק, אַז ס׳וועלן מיינע אויגן
מער נישט זען אַזעלכע הימלען בלויען,
און די פֿאַרביקייט, ווי פֿון אַ רעגנבויגן
איבער די וואָס קומען דאָרט זיך איבערבויען.

עס שרעקט מיך דער געדאַנק, אַז ס׳וועלן מיינע אוירן
שוין נישט הערן מער די פֿריידיקע געזאַנגען
— ווען דעם, אַז כוחות גייען נישט פֿאַרלוירן
ווען מען איז די ווערט די אייגענע, דערגאַנגען.

עס שרעקט מיך דער געדאַנק, אַז כ׳וועל נישט איבערלעבן,
איבערלעבן מער די פֿרייד פֿון וואַקסן, בליען,
און נישט קאָנען דאָ ווי דאָרט — די לידער געבן
די געזונטע זאַפֿטן פֿון דער ערד צו ציען.

## ווי אין חלום

איז עס אַלץ נאָר אַ חלום געווען?
— האָב איך קיינמאָל דאָס לאַנד נישט געזען?
אַזאַ לאַנד, ווי אַן אינדזל די גרייס,
— אַ פֿאַרוואָרלאָזטס, אַ ווילדס און אַ הייס
האָבן זאַמדיקע פֿלאַכן געבריט
און געחלומט פֿון מענטשלעכע טריט;
האָבן שטיינער געגליט און געברענט,
און געחלומט פֿון מענטשלעכע הענט,
און דער סטעפּ — פֿון אַ שטים, פֿון אַ קלאַנג,
ביז — אין לאַנד ווו עס קיניגט די שלאַנג,
— דער אַקראַב, און דעם מדבר'ס חמסין
זענען מענטשן געקומען אַהין,
— יונגע מענטשן — זיך מקריב־זיין גרייט
פֿאַר אַן אייגענער הײם, און פֿאַר ברויט
פֿון אַן אייגן פֿאַרזייעט שטיק פֿעלד,
וואָס זאָל גילדן ביים אייגענעם צעלט.

איז עס אַלץ נאָר אַ חלום געווען?
האָב איך קיינמאָל דאָס לאַנד נישט געזען?
האָב איך אפֿשר, ווי זיי, פֿאַר דער הײם
נישט געטראָגן קיין ציגל, קיין ליים,
נישט געגאַנגען מיט דעם איבער שטאָק
און — געוואַקסן, געשטיגן אין טאָג,
און געזונגען מיט זיי דאָס געזאַנג,
ווי אַ לויב, ווי אַ תּפֿילה און דאַנק
פֿאַרן בים פֿונעם ברויט, פֿאַרן שלוק
פֿון דער קאַלטער און ערדענער קרוג;

פֿאַר די זונען, וואָס האָבן געברענט
און פֿאַרטרונקען מיט ליכט און, געבלענדט;
פֿאַר דער רייץ פֿון לבנהקע נעכט
פֿון באַהעפֿטונג אין זילבער-געפֿלעכט;
פֿאַר דער מעשה פֿון טויזנט איין נאַכט —
ווי ס'האָט טויטקייט צום לעבן דערוואַכט.

## ווער געדענקט...

ווער געדענקט שוין ווען און ווי אַזוי
ער איז געקומען דאָ אַהער —
ווען אַלץ איז נאָך געלעגן וויסט און רוי,
און שטיינערדיק שווער:
ווען יעדער האָט געביסן און געריסן שטיין נאָך שטיין,
געשליידערט באַרג אין טאָל,
זיך איינגעגעסן אינדערלענג און אינדערברייט
אין סטעפּ אַריין —
צו זוכן פעלד אויף ברויט
און פעלד אויף וויין,
אויף וויין — ווען ס'איז קיין וואַסער נישט געווען,
און יעדער טראָפּן האָט געקאָסט אַ טייך מיט שוויים,
וואָס האָט די טרוקעניש באַנעצט,
די טרוקעניש וואָס איז געלעגן שטעכיק, בייז,
ווי ס'איז פון שלאַנג דער ביס
און, האָט געטרונקען בלוט פון הענט
און בלוט פון פיס —
ווען ס'מדבר האָט געגליט און ס'לייב געברענט.

נאָר ווער געדענקט שוין ווען און ווי אַזוי?
אין אַרבעט לויפט די צייט,
ס'איז דאַכט זיך נעכטן ערשט געווען
און שוין — ווי לאַנג, ווי ווייט! — —
אָט דאָ, וווּ ס'שטייען הייזלעך, הויז ביי הויז
אין רייען אויסגעשטעלט —
אָט דאָ, געשטאַנען זענען נאָר געצעלטן בלויז,
געצעלטן פאַר ציגיינער פונדערוועלט;

און דאָרט ווו ס'שטייען שטאָל נאָך שטאָל
בעטאָנענע, מיט פֿערד און קי אַ סך —
דאָרט זענען־ווען געשטאַנען שטעלעכלעך
פֿון האָלץ, נאָר אָרעם, שוואַך;
און דאָרט, ווו ס'בליט אַצינד און גרינט,
און דאָרט, ווו ס'גאָלדיקט און עס העלט —
דאָרט האָט אַמאָל דער מדבר־ווינט
פֿון זאַמד געבעט דאָס פֿעלד;
און ווו דער שייער שטייט,
ווו פֿריילעך רוישט די מיל —
דאָרט איז אַמאָל ווי אומעטום,
מיט טויט געווען שטיל;
און דאָרט, ווו ס'איז דער בינענזשום
אַרום די רייען בינענשטעק —
דאָרט איז אַמאָל, ווי אומעטום —
געלעגן זומפּ און שלאַנגענוועג.

## דער טאַטע, דער חובֿבֿ־ציון

האָט דער טאַטע איבער דרייסיק יאָר
אַריינגעחלומט אין די ווייסע האָר,
אַ חלום וועגן לאַנד פֿון זיינע אבֿות,
און מיט ליכטיקע מחשבֿות
און פֿאַרבענקטע אויגן —
זיך געצויגן
ווי אַ קינד —
אַהין, אַהין,
ווו הימלען זענען שטענדיק ריין און בלאָ,
און פּאַלמעס — אייביק גרין,
און אַלץ איז זוניק איבער ראַנד און ברעג,
און פֿייגנביימער שפּרייטן שאָטנס אויס,
ווי קאָברעצן פֿאַר וואַנדערער פֿון וועג;
איז — ליגט ער צוגעפֿאַלן אָט אַזוי
אין שאָטן, אויסגעטאָן פֿון גראָער וואָך
און אויסגעשפּאַנט פֿון גלות־יאָך
און — קוקט,
און קוקט אויף מעשה־בראשית, ווי עס ווערט,
ווי אַלץ אַרום גייט־אויף און יערט,
און וואַקסט, און בליט,
און ער, דער טאַטע — וואַקסט, וואַקסט מיט
פֿאַר פֿרייד,
און גלייכט זיך אויס, און פֿילט
אַזאַ געפֿיל, וואָס האָט זיך אומבאַקאַנט
ביי אים אין בלוט, דאָס ערשטע מאָל צעבליט,
ער פֿילט:
דעם באָדן אונטער זיך,

אַ היים, אַן אייגן לאַנד
און ער — אַן אייגענער,
אַ שותּף גלייך אויף גלייך
צום מילך און האָניק
און צו אַלץ, מיט וואָס דאָס לאַנד איז רייך,
און ס'איז אים גוט דעם טאַטן, ווי נאָך קיינמאָל גוט,
איז — ליגט ער, ווי ער וואָלט זיך טייען נאָך אַ פּראָסט;
עס פּעכערט אים אַ ווינטל פון די בערג און בלאָזט,
און טראָגט אין היץ אים אונטער ריחות, ווי פון וויין,
איז — שלאָפט ער איין,
און חלומט, חלומט — איבער דרייסיק יאָר,
און וועבט אַריין דעם חלום
אין די זילבערווייסע האָר.

## זאַמדן
(פּאָעמע)

לײַכטן דורכזיכטיק די לײַוונטענע צעלטן,
ווי לאַמטערנעס ווײַסע אין דער טיפֿער נאַכט;
אַ נאַכט — אַ ווײַכער שוואַרצער סאַמעט
איבער דערפֿעלעך און דערפֿער
ווײַט־צעפּלעמלטע, צעמידניעטע,
ווי שטערן אויפֿן הימל,
און ווי לײַכטנדיקע גליווערעם אויף דר׳ערד.
— — — — — — — — — — — —
ס׳איז לאַנג שוין נאָכן נאַכטמאָל.
אין בית־אוכל איז שוין ליידיק.
אויפֿן מיטן הויף פֿון קיבוץ
טליעט נאָך דער שײַטער,
וואָס האָט ערשט נישט לאַנג געפֿלאַקערט
און געקנאַקט, געשפּריצט מיט פֿונקען
אינדערפֿינצטער
און, אַ דרייענדיקע מענטשנראָד באַלויכטן
מיט אַ רויט און העליש פֿײַער —
אָנגעלייגט און אויפֿגעבלאָזן,
ווי צום טאַנץ אַרום מזבח...

לאַנג שוין אײַנגעשטילט דער האָראַ,
אויפֿגעהערט דער ווילדער טומבאַ,
און ס׳געדריי ווי פֿון אַ ווירער,
און ס׳פֿאַרוואַרפֿן קעפּ צעשויבערט,
ווי די ביימער אין אַ שטורעם —
ווען דער וואַלד ברענט,

און דער ווינט רייסט,
און עס קנאַקן צווייגן-גלידער,
און עס פֿאַלן אויסגעשרייען,
ווי געוואָרפֿענע ראַקעטן:
— מי אנחנו? או-האַ! או-האַ! או!
— אל יבנה הגליל!
— או! אל יבנה! אל יבנה!
— אל יבנה הגליל!
און ס'ווידערקול צעטראָגט זיי הילכיק,
און צעשיט זיי ווייט און שטיל.

ס'איז „חברה" זיך צעגאַנגען.
ווער — צו זיך אין צעלט אויף אָפּרו
נאָך אַ גאַנצן טאָג אין פֿעלד
ביי אַקערס, דרעשמאַשינען
און ביים אָנטרייבן די פּרדות;
ווער — פֿאַרענדיקן אַ בריוו
אַ לאַנג-שוין-אָנגעהויבענעם,
צו בעטנדיקע טאַטע-מאַמע,
וואָס מען האָט שוין ווי פֿאַרגעסן
אין דער היים דער אַלטער;
ווער — עס איז אַוועק אַ קוק-טאָן
אין דער קישטאַל,
ווער — אין פֿערדשטאַל,
ווער — אין פֿאַרלעך זיך דערוויטערט
פֿון די ליכטיקע געצעלטן
און פֿאַרשווונדן אינדערפֿינצטער
מיט די סטעזשקעס, צו צום גורן...
ווער עס שפּילט אויף אַ גיטאַרע,

צימבלט אויף אַ באַלאַלייקע;
ווער — עס פּייפט אויף אַ חליל,
ווי ס׳וואָלט אַ פּאַסטוך
אַ פאַרבלאָנדזשעטע שעפּעלע ארומגעזוכט
אין שפּעטער נאַכט;
און ווער — עס איז זיך זינגענדיק פאַרגאַנגען
אין אַ בענקשאַפטליד,
און ווי אַ גרויסער, שווערער סנאָפּ —
געבליבן ליגן איינגעשלאָפן
אויפן בעט, אַ מידער...

אין איינעם פון די געצעלטן,
קאַרג באַלויכטן פון אַ לעמפּל —
ליגן אין די בעטן דריי,
פון די, וואָס ווערן אָנגערופן: אַלטע —
כאָטש זיי זענען ווייט נישט אַלט נאָך
מיט די האַרטע, טיף־געקאַרבטע פּנימער,
ווי אויפגעהאַקטע, אויפגעריטע ערד,
און מיט די האָר, די גראָלעך־אָפּגעשאָסענע,
פון זון און שטויב צעעסן,
און מיט זייערע טליענדיקע אויגן,
ווי ציגאַרן אונטער רויך און אַש־פּאַל —
זענען זיי נאָך יונג און קרעפטיק,
פול מיט ברען און פול מיט גלויבן,
גרייט אַפילו גיין אין פייער —
פאַרן אויפבוי פונעם לאַנד;
ליגן זיי און שמועסן זיך איבער
וועגן היימישע ענינים —
שייך צו דער באַלעבאַטישקייט אין משק,

און צום ראש־הקבוצה:
דער סדרן און מנהל נפֿתּלי —
אײנער פֿון די ערשטע שומרים אין גליל,
געװען אַ יונג — אַ ברען, אַ ריז
פֿאַר װעמען די אַראַבער פֿלעגן ציטערן,
און אָפּט, דורך אים — פֿאַרזאָגט אַ צענטן —
נישט צו קריכן װוּ מען טאָרנישט...

ר'איז שוין היינט נישט, װאָס געװען!
תּמיד שװײַגעװודיק און ערנסט —
דרייט ער זיך ביז שפּעט אין נאַכט אַרום אַליין
אין שלאָפֿנדיקן הויף צװישן די געצעלטן,
אַ פֿאַרטראַכטער, מיטן עול און זאָרג
פֿאַר אַלץ און אַלעמען.
חברה זאָגן, אַז זיין שלעכטער מצב־רוח, איז: צפּורה
װעמען ער, נפֿתּלי, האָט נאָך ליב,
און זעט זי יעדע נאַכט, געהאַלדזט —
אַװעק צום גורן מיט גוריונען,
און זיי רופֿן אים אין שפּאַס: דער נשרף,
נאָר אַזוי — ער זאָל נישט הערן,
װייל זיי האָבן דרך־ארץ,
און נפֿתּלי איז באַליבט
אַפֿילו ביי דעם הונט, דעם געלן מורלאַ,
װאָס באַגלייט אים שטענדיק
אין זיין איינזאַמער פֿאַרטראַגנקייט,
און לאָזט נישט קיינעם צו צו אים —
אַחוץ אַן אייגענעם...

מורלאַ! מורלאַ!
אויך דער כלב איז אַ סך שוין דורכגעגאַנגען.
ווען ס'זאָל מורלאַ קאָנען רעדן —
וואָלט ער אויך געווען אַן עדות,
און דערציילט פֿון נויט און הונגער,
פֿון כאַראַראַ און מאַלאַריע,
ווילדע איבערפֿאַלן, קאַמפֿן,
אומקום דורך מסירת־נפֿש.

און ס'דערמאָנט זיך אַלטע „חברה"
פֿון אַ צייט, וואָס ליגט אין עבר:
צען יאָר צייט און — שוין געשיכטע,
ווי ס'איז מדבר, לאַנד געוואָרן;
זיי געדענקען, ווי ס'וואָלט נעכטן ערשט געוועזן,
ווי זיי זענען דריי, געקומען
אין אַ היציקן חמסין־טאָג,
אין אַ וויסטעניש פֿאַרוואָרפֿן
צווישן ווייט־פֿאַרקנייטשטע בערג,
אויף האַרט־פֿאַרלאָזטער ערד,
וואָס איז געלעגן ווי געלאָשן קאַלך;
אַרויף אויף ווייכע בריענדיקע זאַמדן,
וואָס די ווינטן פֿלעגן קעמען
און צעקאַרבן ווי מיט פֿינגער,
און צעפֿאַלדן זיי, צעכוואַליען,
טראָגן זיי און איבערטראָגן,
און געלאָזט זיי ענדלעך ליגן
רויִק ווי דער טויט;
אַז ס'האָט פֿאַרנאַכט־צו
דורכגעצויגן זיך אַ קאַראַוואַן מיט קעמלען —

האָבן קעפּ מיט רייטנדיקע
אין אַבאַיעס און קעפּיעס —
מיט פֿאַרוווּנדערונג און מורא אויסגעדרייט זיך —
צו באַטראַכטן ס׳ערשטע ווייסע לייוונטענע צעלט,
וואָס האָט אין הייסן ווינט געפֿלאַטערט
פֿון אַ באַרג־שיפּוע,
געבלאָזן זיך און לעבעדיק געאָטעמט —
דאָ, ווו ס׳האָט יאָר־טויזנטער
קיין מענטשנס פֿוס באַטראָטן...

און ס׳דערמאָנט זיך —
ווי פֿון דריי חלוצים איז געוואָרן דרייסיק,
און פֿון דרייסיק — מער און מערער,
אַלע אין די קורצע הייזלעך,
באַרוועס, אָפּגעברענט, פֿאַרוואַקסן —
זיך אין הונדערטער צעשאָטן
מיט געצעלטן, ווי מיט שוואָמען נאָך אַ רעגן,
און די וויסטעניש באַלאַגערט,
ווי ציגיינער אין דיביידלעך; —
זענען קולות און געזאַנגען
שוין געוואָרן אָפּטער, העכער,
און דאָס לעבן — לעבעדיקער,
און דער באָדן — רירעוודיקער,
נאָכגיביק און נאָכגעלאָזטער
אונטער אַקער און מעדר,
און דער גלויבן — טיף און טיפֿער
מיט אַ שטח נאָך אַ שטח,
און די זיכערקייט — פֿאַרוואָרצלט
מיטן פֿלאַנצן און פֿאַרזעצן;

און די פֿרייד — אַלץ שטאַרקער, גרעסער —
מיטן וווּקס און מיטן אויפֿבלי
פֿון אַ קבוצה נאָך אַ קבוצה,
פֿון אַ ישוב נאָך אַ ישוב,
פֿון אַ דערפֿל נאָך אַ דערפֿל,
ביז אַ שטאָט, ווי: תּל־אביב.

רעדט מען אַראָפּ פֿון די האַרטע געלעגערס,
מען בלעטערט בדמיון דאָס ספֿר־זכרונות,
בלעטלעך ליכטיקע און לייכטע,
בלעטלעך פֿינצטערע און שווערע,
שוואַרצע דאַטעס, ערטער, נעמען:
עדות טויטע, לעבעדיקע —
פֿון די טעג פֿון בלוט און פֿייער.

— — — — — — — — — —

און מורלאַ, אינדרויסן
בילט סתּם אין־דער־נאַכט־אַריין,
רייסט די דרעמלענדיקע שטילקייט
פֿון די בערג אַרונטער,
ביז — דער אייזל אין דער שטאַל —
צעשרייט זיך כלישטשענדיק,
און ס'טוט דער האָן אין הינערהויף אַ כאַפּ־זיך,
אַז ס'איז צייט אַ קריי־טאָן,
און דער נאַכט־שומר —
אַ פּויק־טאָן אין דער רעשנדיקער בלעך,
און אויפֿוועקן די „חברה" פֿונעם שלאָף:
— לַ־קום! לַ־קום!

— — — — — — — — — — —

די נאַכט טרעט אָפּ.

דער טוי צערינט.
די פּייכטקייט ליגט ווי נאָך אַ רעגן
אין די וויינשטעק און פּרדסים,
אויף די פּאַסן פּעלדער-בייטן;
ס'דעקט זיך אָפּ די ווייטע נאָנטקייט,
ס'ציט די ערד זיך אויס אין בלאָקייט,
ס'טרעטן בערג אַרויס פון נעפּל,
שטעלן אויס זיך ווי די קעמלען,
מיט די קעפּ צו זונאויפגאַנג,
און שטעלן אונטער האַרטע רוקנס —
פאַרן קאַראַוואַנען-פירער — טאָג.

## לאַנד

(פּאָעמע)

ווי אין חלום — זענען שיפֿן צוגעקומען צו אַ ברעג,
וואָס האָט דעם ים ווי מיט אַ גאַרטל גאָלד אַרומגענומען;
זענען מענטשן אויסגעשטיגן מיטן איינציקן פֿאַרמעג:
די פֿרייד פֿון קומען...

אויסגעשטיגן, שטיין-געבליבן, און אַרומגעקוקט זיך,
אַלץ איז ווי אין חלום אומבאַקאַנט,
פֿרעגט מען שטום זיך איינער ביי דעם צווייטן:
— איז עס אונדזער אויסגעחלומטע לאַנד?!

וויסטקייט, וויסטקייט ווו עס פֿאַלט דאָס אויג נאָר,
מדבר שווייגט און ליגט אין יעדער זייט.
זאַמדן העלע, פֿונעם ווינט צעקעמטע —
פֿינקלען אין דער נעפּלדיקער ווייט.

פּרוּווט מען זיך אויף זיי אַ וועג געפֿינען,
שטעלט מען ערשטע זינקענדיקע טריט,
וויגן הענט און פֿיס זיך ווי אין חלום,
חברה גייען, שאָטנס גייען מיט...

שפּאַנט מען און מ׳ווייסט אַליין נישט וווּהין,
ציט מען און מ׳ווייסט נישט ווו מען ציט,
קומט זיי ווילד אַנטקעגן אַ חמסין
מיט אַ היץ, וואָס וואָלט אויך שטאָל צעגליט;

זשמורען אויגן בלינד פֿון זון און ליכט,
ס׳פּנים פֿלאַמט, ס׳אַנטבלויזטע האַרץ איז רויט,
דערמאָנט זיך איינער אָן זיין פֿלאַש מיט וואַסער,
און אַ צווייטער — אָן זיין לעבל ברויט.

שטעלט זיך איינער אָפּ דעם אָטעם כאַפּן,
וואַרפֿט פֿון זיך אַ צווייטער דאָס געפּעק,
שטעלט אַ דריטער, ווי אַ היטל צוקער —
ס׳ערשטע לייוונטענע געצעלט אַוועק;

און אַזוי — אַ פֿערטער און אַ פֿינפֿטער —
וואַקסן געצעלטן ווי די שוואָמען אויס,
און מ׳לאַגערט און מ׳רוט אין שאָטן,
אויף דער ווייכער מדבר הייסער שוים.

טאָג גייט הינטערוויילעכץ אָפּ און לעשט די זאַמדן,
פֿאַלט און ציט זיך אויס נאָך אים די נאַכט,
און וויינט שאַקאַליש זיך פֿונאַנדער אין דער וויסטעניש,
ווי ס׳וואָלטן הונגעריקע קינדער פֿונעם שלאָף דערוואַכט.

און ווידער איינגעשלאָפֿן אינדערפֿינצטער, —
ציטערט ווייטלעך אַ געקלאַנג אַ דינער,
גייט איינער מיט אַ ביקס פֿון אַ געצעלט אַרויס
צו זען פֿונוואַנען ציען בעדואינער.

ציִען, ציִען, קעמל־סילועטן,
ביז זיי נעמען אינדערנאַכט פֿאַרשווינדן;
בלייבט דער שומר שטיין אַליין און וואַרטן,
אַז דער מאָרגנשטערן זאָל זיך בלאָ צעצינדן...
— — — — — — — — — — — — — —

זענען טעג און נעכט אַזוי אַריבער מיט די יאָרן —
האָט אַ האָפֿן שוין באַשיצט דעם ברעג,
שיפֿן זענען פֿיל און פֿול געקומען,
אויסגעלאָדן זיך און ליידיקע — אַוועק.

ס'איז זיכערער דער טראָט טראָט געוואָרן, לייכטערער דער גאַנג,
מ'גייט, דער וועג פֿאַרלויפֿט דעם וועג פֿאָרויס,
און פֿירט און, ווייזט דעם וועג, און אויפֿן וועג:
געצעלטן און באַראַקן, ציגל צו אַ הויז;

אָט איז אַ ברונעם דאָ,
אַן עמער אויף אַ שטריק,
וואָס קאָן אין מדבר זיין
אַ גרעסער גליק?!..

און אָט — אַ פּלויט אַ נייער,
אַ שטח ערד פֿאַרצוימט,
וואָס דען האָט מען געחלומט,
וואָס דען האָט מען געטרוימט —

אויב נישט אויף ערד באַזעצן זיך
און האָבן כאָטש איין קו,
אַ פֿערד, אַ ביסל עופֿות.
גרינס אַ ביסל צו;

וואָס דען האָט מען געוואָלט —
אַז נישט געזונטערהייט
אַקערן און זייען,
שניידן אייגן ברויט?..

און ס׳לויפֿט דער וועג בעטאָנענער
און הייבט זיך ווי אויף טרעפּ:
אַרויף, אַראָפּ, פֿון באַרג אין טאָל,
אַריין אַזוי אין סטעפּ.

און דרייט זיך איין, און דרייט זיך אויס,
און ציט זיך קרומערהייט,
און וויקלט זיך: אַ ווייסע שלאַנג,
אַ סימן ס׳איז נישט טויט...

אַ סימן, אַז מען האָט דאָ דורכגעשניטן,
דורכגעריסן, דורכגעביסן מיט די ציין,
און בערג אַראָפּגעוואָרפֿן אין די טאָלן,
מיט צעמאָלטן האַרטן פֿעלזנשטיין.

## עפֿנט!

פֿויקט עס טאָג און נאַכט מיר אין די אוירן:
— עפֿנט, עפֿנט, עפֿנט אונדז די טוירן!
לאָזט אַריין! — פֿון אומעטום געטריבן —
איז קיין אַנדער אויסוועג נישט געבליבן:
קלאַפּן מיינע ברידער אין בהלה,
ווי עס וואָלט זיי נאַכגעיאָגט די קללה,
נאַכגעיאָגט אויף בייזע ווינטן קאַלטע
פֿון די פֿרעמדע היימען, פֿון די אַלטע,
וווּ עס האָבן דורות צוגעבונדן
און — פֿון בלינדער שנאה אָנגעצונדן —
ברענען זיי און שטייען איצט אין פֿלאַמען,
ביז די טיפֿסטע וואָרצלען פֿון די שטאַמען.

פֿויקט עס טאָג און נאַכט מיר אין די אוירן:
— עפֿנט, עפֿנט, עפֿנט אונדז די טוירן! —
ערד איז אין מדבריות אויך פֿאַראַנען,
ס'זענען כוחות גרייט זיך איינצושפּאַנען
אויך אין בערג אין שטיינערנע פֿון סטעפּעס,
אַבי, קאָנען וווּ דערגיין צו עפּעס,
אַבי, האָבן וווּ דעם קאָפּ צו לייגן,
און צו פֿילן אַז דאָס העמד איז אייגן,
אַז די נעסט איז וואַרעם, ווי ביי טויבן,
און דאָס ברויט איז זיכער, ווי דער גלויבן
אין אַ כוח, וועלכער גייט פֿאַרלוירן.
— עפֿנט, עפֿנט, עפֿנט אונדז די טוירן!

**עס. אָ. עס.**

אַן אומעט איז באַפֿאַלן מיך אין לאַנד פֿון אונדזער גרויסער פֿרייד,
אַן אומעט, אין דער לעבעדיקסטער גרויסשטאָט : תל־אביב ;
באַנומען האָב איך דעם יאַריד דאָ אין זיין גאַנצער טיף און ברייט,
איך האָב דערזען דאָ זיך און אַלע, אויף אַ רעטונגשיף.

יאָ, ס׳לאַנד דאָ איז אַ רעטונגשיף אויף אַלע ימען פֿון דער וועלט,
אויף אַלע שוואַרצע וואַסערן — אַ ברעט נאָר אויפֿן ים,
אַ רעטונגשיף אַנטקעגן שטורעם אויפֿגעלויכטן, אויפֿגעהעלט —
צום אויפֿנעמען די טרענקענדיקע ברידער פֿון מיין שטאַם.

איז אומעטיק מיר איצט דערפֿאַר געוואָרן דאָ אין פֿרייד־געברויז
פֿון גלות־יידן, גלות־שפּראַכן פֿון דער וויטסטער פֿרעמד,
ווו הפֿקר לעבט אַן אומה ווי צעשטויבט פֿון ווינט, אין חורבות בלויז,
און רייסט זיך מיטן לעבן פֿאַרן פּרייז פֿון לעצטן העמד...

עס שלאָגט פֿון די, וואָס שיפֿן לאָזן דאָ אַראָפּ טאָג אויס, טאָג איין —
מיט טשאַד פֿון פֿליגל וואָס מען האָט אין שריפֿות אָפּגעזענגט,
איז ווי זאָל דער, וואָס פּילט דעם ריח זיירן, פֿריילעך זיין,
אַז ס׳האָט די רעטונגשיף אַ טראָפּן נאָר פֿון ים געברענגט ;

אַז כ׳הער די הילף־רופֿן און זע די רויטע צייכנס : עס. אָ. עס.
און כ׳ווייס, אַז אונדזער לאַנד דאָ, איז אַ קליינע רעטונגשיף, —
איז טרויעריק דערפֿאַר ווי אין דערוואַרטונג אויף אַ גרויסן נס,
און אומעטיק, אין אונדזער גרויסער פֿריידשטאָט : תל־אביב.

## פּונדערפֿרעמד

ס׳איז ווײ צו דעם, וואָס, פֿאָטערלאַנד, איז אים, די גאַנצע וועלט,
וואָס האַלט פֿאַר ברידער, שוועסטער — אַלע מענטשן אויף דער ערד;
עס האָט אַזאַ אַפֿילו נישט קיין אָרט אויף אַ געצעלט,
און ס׳בלײַבט אַזאַ-אַ, ווי אַ קול אין מדבר, נישט געהערט.

איך האָב אַליין שוין דורכגעוואַנדערט לענדער פֿיל און שטעט,
זיך צוגעאײגנט אַלץ וואָס איז געווען מיר ווײַט און פֿרעמד,
און האָב אײַנערגעץ זיך מיט קײנעם, ווי מיט מענטש, דערעדט,
און קאַלט איז מיר געווען אַפֿילו אויפֿן לײַב דאָס העמד...

איך זאָג עס סתם אַזוי, צו קײנעם נישט, צו זיך אַליין;
עס פֿאַלן רײד אַמאָל, ווי פֿרוכט געריסן פֿונעם ווינט;
אַ מענטש פֿון „אומעטום״, איז אומעטום אויך, ווי אַ שטײן,
און הילפֿלאָז, צום פֿאַרלוירנגײן, און עלנט ווי אַ קינד.

און גוט איז אינדערפֿרעמד, נאָר דעם, וואָס טראָגט אין וואַנדער מיט
פֿון היים פֿון אײגענער, פֿון הײמישקײט — די וואַרעמקײט,
וואָס שטאַרקט אין ווײַטסטן און אין אומבאַקאַנטסטן וועג, די טריט,
און מאַכט זײ זיכער — מיט דער זיכערקײט פֿון אײגן ברויט.

פֿאַראַנען, יאָ, פֿאַראַן אַ נישט-צעטײלבאַר האָב און גוט:
געפֿיל צו הײם, צו לאַנד, צו אײגן אויפֿגעאַקערט פֿעלד,
און בענקשאַפֿט צו דער ערד, וואָס שמעקט מיט אײגן שווײס און בלוט —
איז — ווײ צו דעם, וואָס, פֿאָטערלאַנד, איז אים, די גאַנצע וועלט.

## אַ היים, ווי אַ העמד

ווער ס׳איז לײַכט אויף צום טוישן זײַן היים, ווי אַ העמד —
דער איז אומעטום פֿרעמד
און נישט זיכער, נישט גאַנץ,
ווי אַ ווילד־פֿרעמדע פֿלאַנץ,
וואָס וואַקסט־אויס אומגעריכט,
נישט געוואַרעמט פֿון שטראַליקן, זוניקן ליכט,
נאָר — אין שאָטן אַזוי,
אויף אַ זײַטיקן וועג —
בלויז פֿון ווינטן גענערט,
אַ געוויקס, נאָר אויף טעג,
אַן אַנעמיש געוויקס, וואָס שטאַרבט אָפּ אינדערפֿרעמד,
ווי אַ מענטש, וואָס טוישט שטענדיק זײַן היים, ווי אַ העמד...

* * *

יעדעס לאַנד, יעדע היים, האָט איר זינגער,
וועלכער זינגט פֿון איר טרויער און פֿרייד;
מיט אַ היים איז אויך לייכטער און גרינגער
צו פֿאַרטראָגן די פֿרעמד, אין אַ נויט.

יעדער מענטש מוז פֿאַרבונדן מיט ערד־זיין,
ווי אַ בוים, וועלכער ציט פֿון איר זאַפֿט;
און אַ דיכטערס אַ ליד קאָן דערהערט זיין,
אויב עס אָטעמט מיט ערדישער קראַפֿט.

וואָס'ער היימלאַנד — אַזעלכע געזאַנגען,
וואָס'ער לעבן — אַזאַ דאָס געמיט;
יעדעס לאַנד גיט איר זינגער די קלאַנגען,
יעדע היים איז דער שליסל צום ליד.

## דער מאַמעס זאָרג

די מאַמע זאָרגט זיך איבער מיר:
צי האָט ער דאָרט, דער זון אין ווייטער פּרעמד —
כאָטש ברויט צו זעט,
אַ שטוב, אַ בעט
און אויפֿן לייב — אַ העמד?!...
און איך דאָ טראַכט: אַז, ווויל און גוט איז מיר,
וואָס כ׳בין אַרויס
פֿון טאַטע־מאַמעס הויז
פֿון נויט;
אַרויס ווי פֿון אַ בראַנד —
געפֿינען היים,
געפֿינען לאַנד
און ברויט
פֿון נישט קיין אויסגעשטרעקטער האַנט;
און איך דאָ טראַכט: אַז, ווויל און גוט איז מיר, —
כאָטש כ׳האָב נאָך ווייט נישט ס׳נייטיקסטע אַליין.

דערמאָן איך זיך ביים עסן, אָן דער מאַמען —
איז מיר יעדער ביסן ברויט — אַ שטיין.

פֿון צווייטן בראשית

צי קאָן נאָך זיין אַ גרעסער גליק,
צי קאָן נאָך זיין אַ גרעסער פֿרייד,
ווי: רייסן הינטער זיך די בריק
פֿון פּיין און לייד,
און מיטאַמאָל דערזען זיך, ווי אַ פֿויגל, פֿרייערהייט —
אַפּילו אין אַ ווילדן סטעפּ אַ פּוסטן,
אָדער, אינעם מדבר, ווו דער ווינט דער הייסער
פֿאָרעמט אויס פֿון זאַמדן פֿרויענברוסטן
אונטער הימלען זוניקע, וואָס גלוסטן
ווי די ערד די דורשטיקע אַליין —
צו קאָנען אין דער בלאָקייט זיך באַהעפֿטן,
זאָל' עס זיין אַפּילו מיט אַ שטיין...

אַ שטיין בין איך געווען (און גוט איז מיר געווען),
אַז כ׳האָב געקאָנט מיט מיינע אויגן זען:
אַ לאַנד, (נאָך ביים געבורט פֿון ווערן לאַנד )—
איז נאַקעט, ווי אַ דלאָניע פֿון אַ האַנט —
געלעגן אָפֿן, ווי פֿאַרחלשט, און געוואַרט
אויף פּיסטריט, און אויף הענטבאַריר,
און אָט אַזוי — דערוואַרט זיך אויך אויף מיר, דעם יידישן פּאָעט,
ביי וועמען יעדעס ליד געווען איז: טרויער און געבעט.

מיט אָט אַזאַ געזאַנג בין איך געקומען דאָ,
און ווי דער ערשטער מענטש ווען אויפֿדערוועלט —
צווישן גאָלדיק זאַמד און טיפֿן הימלבלאָ —
אַ לייוונטן געצעלט, אַ ווייס, אַוועקגעשטעלט,
און זיך אַ זאָג־געטאָן:

און איצט? — פֿון בראשית אָן!
האָב איך אין געצעלט, דאָס נייע לעבן צוגעטראַכט,
האָב איך אין געצעלט, דאָס נייע לעבן זיך געמאָלט;
פֿון זונאויפֿגאַנג ביז צופֿאַלן פֿון נאַכט —
האָט יעדעס בילד זיך מיר גערעמט אין גאָלד,
אין זילבער און אין שטערנפֿאַל,
ווען שטערן שיטן זיך מיט נישט־געהערטן קלאַנג,
און ס׳איז די נאַכט פֿאַר זיך אַליין — געזאַנג,
און יעדנס גיין אין נאַכט, איז: שטערנגאַנג
אין הימל פֿון אַ בעל־חלומות,
וואָס זיין ריינסטער, העלסטער חלום
איז געבליבן פֿון אַמאָל אים.

וואָס — וואָס —
נאָר ס׳פֿילט אַ מענטש נישט צוויי מאָל דאָס,
וואָס איך האָב דאָן געפֿילט —
באַגייסטערונג מאַכט גלויביק, אָדער ווילד,
צום שרייען מיט אַן אורגעשריי אין פּרעהיסטאָרישן אַרום;
באַגייסטערונג מאַכט אויבעט שטום,
פֿאַרביסן, און פֿאַרריסן
ווי אַ פֿעלדז, אַ באַרג,
אַ באַרג, וואָס טראָגט אַ באַרג אויך, אויפֿן קאַרק,
און שליידערט אים מיט ריזנשטיינער
ווי די יאָסלעס ציינער
פֿון דער ערד — אין טאָל:
אַזאַ באַגייסטערונג געווען איז דאָ אַמאָל,
אַמאָל צוריק מיט יאָרן,
ווען עס האָט געהאַלטן נאָך אין ווערן,
דאָס, וואָס איז געוואָרן.

## אין לאַנד פֿון אונדזער מאָרגן

ווי קליין, ווי יונג איז ס׳לאַנד פֿון אונדזער מאָרגן,
וואָס דער ווייטער עבר האָט פֿאַרלאָזט;
ווי קליין, ווי יונג און — וויפֿל מיטגעמאַכט שוין,
וויפֿל האָט עס בלוט אונדז שוין געקאָסט!

אַ יעדער ציגל דאָ, אַ יעדער שטיין דאָ,
יעדע פֿלאַנץ און שפּראָץ, אַפֿילו ס׳גראָז
האָט דאָ, ווי יעדער ווען מען מי פֿאַרקנאָטן
ס׳איז אין אויפֿבוי — צו דערציילן וואָס:

ווי ס׳לעבן האָט זיך מיטן טויט געשלאָגן,
און פֿון אים געקראָגן טויטע קלעפּ,
נאָר מיט די ציין און נעגל אין זיין האַרטקייט —
אים געיאָגט פֿון מדבר און פֿון סטעפּ;

געטריבן אים אַריבער בערג און טאָלן,
און באַפֿרייט די אָפּגעטויטע ערד;
געווען אַן עדות ווי זי רירט זיך, וועקט זיך
פֿון איר האַרטן שלאָף, געדייעט, יערט,

גייט-אויף פֿון אונטער פּים און הענט-באַרירונג
פֿון אַ יונגן, פֿון אַ נייעם דור,
וואָס האָט באַשווירן זיך און אַלע דורות —
צו פֿאַרוואַנדלען חלום אין אַ וואָר;

און ס׳איז געוואָרן דאָס, וואָס קאָן נישט ווערן
פֿון קיין הוילן כּישוף אָדער שפּרוך;

דאָס האָבן הענט צעעפֿנט ברייט די פֿעלדער,
ווי די בלעטער פֿון אַן אָפֿן בוך;

דאָס האָבן הענט געעפֿנט אַלטע קוואַלן
און געלאָזט זיי שטראָמיקע אין גאַנג,
און ס'האָט מיט זיי אַ שלאָג־געטאָן פֿון אונטער
בלאָע הימלען — ניי און פֿריש געזאַנג;

געזאַנג, וואָס ס'האָט אַ פֿאָלק שוין נישט געזונגען
דורות לאַנג אין וואָגל און אין פֿרעמד;
געזאַנג צו אייגן ברויט און אייגן היימלאַנד,
וואָס מען קאָן נישט טוישן ווי אַ העמד.

## אַכזריותדיק שיין...

אַכזריותדיק שיין ביסטו היים מײַנע, נײַע,
אַכזריותדיק אפֿשר נאָך מערער פֿון שיין,
ביסט אָנשטאָט אַ האַרציקע מאַמע, אַ טרײַע —
אַ טאַטע אַ שטרענגער, אַ האַרטער ווי שטיין.

אויך איך, דײַן באַזינגער, טראָג־אויס דײַן אַכזריות,
טראָג אוים זי אַפֿילו בײַ מיר אין געזאַנג,
וואָס אָטעמט מיט ווינטיקער היץ פֿון מדבריות,
מיט אָפּהילך פֿון סטעפּ, און מיט דורשט און פֿאַרלאַנג.

ווער ווייסט דען ווי דו, וויפֿל ס׳האָט שוין געקאָסט אונדז
דאָס ברויט פֿון דײַן האַרטער, פֿאַרעקשנטער ערד?
פֿאַר וויפֿל נסיונות פֿאַר שווערע דו האָסט אונדז
געשטעלט — צו דערפֿילן די אייגענע ווערט!

ווער ווייסט דען ווי דו, וויפֿל טויטקלעפּ, מיר האָבן
באַקומען פֿאַר אונדזער געוואַגטן פֿאַרמעסט —
צו וועלן דײַן קוואַליקע טיפֿקייט דערגראָבן
און גרייכן די הייך צו דער אָדלערשער נעסט...

אויך מיר, דײַן באַזינגער, האָט וווּנדן אויף וווּנדן —
די דאָרניקע שטעכיקייט דײַנע, פֿאַרשאַפֿט,
דאָך האָב איך מײַן גורל מיט דיר נאָר פֿאַרבונדן,
ווײַל כ׳צי ווי אַ בוים פֿון די וואָרצלען — דײַן קראַפֿט —

אויףביישטיין און בייקומען דיינע קאַפּריזן,
פֿאַר וואָס מען דאַרף זיין ווי צום קאַמף אָנגעגורט —
צו קאָנען באַווייזן, וואָס ס׳האָט שוין באַוויזן
אַ דור — אינעם גאַנג צו דיין ווידערגעבורט.

## מיט דער לאַסט פֿון מדבר

ווי אַ קעמל
אָנגעלאָדן מיט דער לאַסט פֿון מדבר —
גיי איך מיטן קאָפּ פֿאַרריסן אינדערהויך,
און טראָג צו די גליאיקע ווייטן,
מיין אומעטיק, סטעפּישער פֿרייקייט...

דער בליק מיינער גליט —
ווי דער דורשט מיינער ברענט,
און דער ברונעם איז טיף,
אַזוי זעלטן און טיף,
און דער האַלדז, אַזוי קורץ...

דאָס האַרץ טרייבט די פֿיס צו אַ קוואַל,
און די פֿיס שלעפּן פֿויל זיך און מיד,
און לאָזן נאָך זיך אין די זאַמדן
פֿאַרחלושטע טריט...

## דאָרפֿישער ריח אין שטאָט

אין שטאָט, האָט היינט אַ בערגל וואָרעם מיסט פֿון קי און פֿערד,
(אַ בערגל מיסט, צו מיסטיקן אַ גערטל ביי אַ הויז) —
אַ שלאָג-געטאָן אויף מיר מיט וואָרעם שטאַלגערוך, מיט ערד,
אַ שלאָג-געטאָן, אַ ציי-געטאָן: פֿון שטאָט אַרויס! אַרויס!

אַרויס צו לאָנקע און צו פֿעלד — זיך אויסשפּאַנען פֿון צוים —
צו ווייטקייטן, וואָס פֿאַלן מיט די הימלען זיך צונויף,
צו הויכקייטן און טיפֿקייטן פֿון בערג און טאָל, צו רוים,
צו וואַלד-געדיכטעניש, צו ווילדן הירשן-שפּרונג און לויף;

אַרויס פֿון צווישן מויערן, אַרויס פֿון צווישן ווענט,
אַוועק פֿון שטאָט און שטאָטישע, וואָס זענען קאַלט און פֿרעמד;
זיך אויסטאָן דאָס קראָכמאַליעטע, אַראָפּוואַרפֿן דעם פּענט,
אַ פֿרייער — גיין אַ באָרוועסער, מיט אַ צעכראַסטעט העמד,

און טראָגן אין די בוזעמס אַלע ווינטלעך פֿון דער פֿריי,
און האַלדזן זיך מיט יעדן בוים, וואָס קומט דיר אויפֿן וועג,
און טרינקען פֿון די ריטשקעלעך, וואָס שלענגלען זיך פֿאַרביי
און רופֿן דיך — צו שטילן דיר דעם דאָרשט און ברען פֿון טעג;

צי, ערגעץ אָפּרוען אויף הויכן, ווייכן גראָז געבעט,
צי, ליגן ערגעץ אויף אַ סטערטע פֿריש-געשניטן היי
און חלומען פֿון דאָס, צו וואָס דו האָסט זיך נישט דערדערט
און — אויפֿשטיין, ווען די הענער וועלן וועקן מיט געקריי.

אזוי האָט היינט, אַ בערגל מיסט אין שטאָט — מיך אָנגערעגט.
(אַ בערגל מיסט, צו מיסטיקן אַ גערטל ביי אַ הויז)
אַ בערגל מיסט פֿון קי און פֿערד, פֿון וועלכן ס׳האָט געשמעקט
מיט רייץ מיט וואַרעם — מערער, ווי אין שטאָט, די שענסטע רויז...

## פֿון שטאָט אין דאָרף

א

ווי גוט איז אייך, איר דאָרפֿישע —
מיט אייער רו,
ווי גוט איז דיר, דו פּויער, דו,
וואָס פֿרעמד און ווייט איז דיר די שטאָט
ווו מענטש איז: גווינט,
ווו מענטש איז: שרויף,
ווו מענטש איז: ראָד אין ראָד —
אין לויף
און — טראָגט אין מאַרק, טאָג־איין, טאָג־אויס —
זיין אייגן לעבן צום פֿאַרקויף,
און האַוועט, שמאַיעט, איילט
און ווייסט אַליין נישט — וואָס און וואַהין,
און שטעלט זיך אָפּ דעם אָטעם כאַפּן —
ווען עס שטעלט זיך די מאַשין.

ווי גוט איז אייך, איר דאָרפֿישע —
מיט אייער רו;
ווי גוט איז דיר, דו פּויער, דו.

ב

כ׳האָב לאַנג שוין נישט געזען זיך מיט דער מאַמע־ערד,
וואָס ציט באַגינען אירע שאָף אַרויס ;
כ׳בין לאַנג שוין נישט געלעגן אויף איר שוים,
מיט בלאָען, ריינעם הימל צוגעדעקט —
אַן איינגעשלאָפענער אויף פריש־געשניטן היי ;
שוין לאַנג האָט מיך פון שלאָף נישט אויפגעוועקט
דער זיסער, זינגענדיקער קריי
פון האָן,
און נישט אַרויס בין איך שוין לאַנג אַזוי,
באַגינען זיך אַרומוואַשן מיט טוי,
וואָס טריפט פון יעדן בלאַט פון בוים
און פונעם שטרוי
פון דאַך ;
און לאַנג שוין ווי כ׳האָב, דערפל, נישט געהערט
דיין שטומע שפראַך
פון קאַלב, פון קו און פערד
און — דיינע פראָסטע, פויערישע רייד,
וואָס שלאָגן מיט געזונטקייט פון דער ערד.

ג

כ׳בין געקומען אין דאָרף — ווען די ערד
האָט געשוואַנגערט, געיערט
און געגרינט;
ווען ס׳האָט ווי אַ קינד —
אויף די פֿעלדער געשפּילט זיך, דער ווינט
מיט די זאַנגען,
וואָס זענען שוין רייף אויפֿגעגאַנגען
מיט גאָלדענעם ציטער;
ווען ס׳האָט שוין דער שניטער
די קאָסע געשאַרפֿט,
זי געגרייט צו דער ברכה פֿון שניט...

כ׳בין געקומען אין דאָרף — ווען די ערד
האָט באַגערט
און געגליט;
ווען ס׳האָבן, אַ דאָרפֿישער יונג מיט אַ מויד
אויפֿן פֿעלד, אין אַ סטערטע מיט היי, זיך געזוכט,
און דער סעדער אין סאָד —
האָט די ביימלעך די שוואַכערע, אונטערגעשפּאַרט
פֿאַר דער לאַסט פֿון דער פֿרוכט.

## צו דער מאַמע־ערד

א

קום איך מאַמע־ערד צו דיר,
ווערט מיר וואַרעם, גוט און גרינג.
ווילט זיך שירה זאָגן מיר —
זאָג איך און איך זינג:

מזמור־שיר, צו דעם וואָס אַקערט,
ווי אין אַקער איינגעשפּאַנט,
און צו דעם, וואָס גייט און זייעט
מיט אַ רחבותדיקער האַנט.

מזמור־שיר, צום פּאַסטוך, ווען
ס'וועקט דער ערשטער הענערקריי,
און צו זיינע שאָף און רינד, — די
שטילסטע, פֿרידלעכסטע אַרמיי.

מזמור־שיר, צו די וואָס שניידן,
און געקלאַנג, געזאַנג זיך הערט,
אַז: ס'איז אַלץ כדאי־געוועזן,
פֿאַר דער ברכה פֿון דער ערד.

קום איך מאַמע־ערד צו דיר,
ווערט מיר וואַרעם, גוט און גרינג,
ווילט זיך שירה זאָגן מיר —
זאָג איך און איך זינג.

ב

אַ גרוס דיר, ליבע מאַמע־ערד, כ׳בין ווידער דאָ!
אַ מאַמע, בלייבט אַ מאַמע, און אַ קינד — אַמאָל אַ קינד
אַזאַ ווי איך אַ שטייגער, וואָס ער ווערט שוין גראָ
און איז נאָך אַלץ צו גאָרנישט צוגעבונדן, אַלץ נאָך ווינט...

פֿאַרבענקט זיך מאַמע־ערד נאָך דיר, אין תל־אביב:
די קרעמערישע, לופֿטיק־לייכטזיניקע שטאָט;
געקומען בין איך מאַמע־ערד, ביי דיר געפֿינען רו,
געפֿינען זיך, און אפֿשר טאַקע אויך געפֿינען גאָט...

כ׳בין לאַנג שוין אויסגעטאָן פֿון קדושה, מאַמע־ערד,
די שטאָט נעמט צו דעם גלויבן און די ליבע צו אַ מענטש.
די שטאָט, אַ יעדע שטאָט האָט אויערן, און הערט
אויף מערק און אויף יאַרידים — דעם, וואָס שעלט און נישט,
וואָס בענטשט...

ג

מיר גלוסט זיך נישט צריקגיין אין שטאָט,
(נישטאָ אויך צו וואָס ס׳זאָל זיך גלוסטן) —
אַז געלט איז דאָס העכסטע, איז גאָט —
אין שטאַטישן רעש אינעם פּוסטן.

און ס׳איז פֿאַר אַ דיכטער קיין אָרט —
ווו מענטש האָט פֿאַרלוירן די בושה —
צו זיצן און זען, אַז דאָס וואָרט
זאָל שיין־זיין און ריין־זיין מיט קדושה.

מיר גלוסט זיך נישט צריקגיין אין שטאָט
ווו שווער איז דאָרט לידער צו שרייבן;
און ס׳איז מיר אַ האַרציקער שאָד,
וואָס כ׳קאָן אויך אין דאָרף נישט פֿאַרבלייבן.

## פֿעלט מיר אויס...

פֿעלט מיר אויס-ווען פֿריש און ריין געטראַנק —
לאָז איך מיך אַראָפּ אין עמקים נידער,
אָדער, כ׳הויב זיך אויף צו די גלילער ברידער —
טרינקען זיי מיך אָן דאָרט מיט געזאַנג,
און כ׳גיי פֿון זיי אַוועק מיט נייע לידער,
לידער ערדישע, פֿון ערדיש פֿרייד און ווייען:

ליד פֿון אויפֿהאַקן, פֿון אַקערן און זייען;
ליד פֿון שניט, פֿון זאַמלען און פֿון קלייבן,
אַז דער שפּייכלער און דער גורן זאָל זיך הייבן;
ליד פֿון הייף מיט עופֿות, שאָף און רינדער,
און מיט קומענדיקע דורות — קינדער;
ליד פֿון מידע פֿלאַמיקע פֿאַרנאַכטן,
ווען מען קומט פֿון פֿעלדער, ווי פֿון שלאַכטן;
ליד פֿון פֿאַסטוך, וועלכער לאָזט זיך הערן —
ווי ביים מאָרגנשטערן — אויך ביים אָוונטשטערן;
ליד פֿון רו און פֿרידן אונטער טוירן
ווו מען שלאָפֿט, און ס׳האָט די שטילקייט אויערן;
ליד פֿון שומר, וואָס ער הערט אין שמירה,
ווי עס זינגען ערד און הימל, שירה.

פֿעלט מיר אויס-ווען פֿריש און ריין געטראַנק —
לאָז איך מיך אַראָפּ אין עמקים נידער,
אָדער, כ׳הויב זיך אויף צו די גלילער ברידער.

## ווידער אין עמק

כ׳בין ווידער אין עמק —
נאָך יאָרן, נאָך לאַנגע,
וואָס זענען אין בלוט און אין פֿייער פֿאַרגאַנגען,
פֿאַרגאַנגען, אַוועק, אָבער ווייט נישט פֿאַרשוווּנדן
(אַ וועלט־שריפֿה האָט אַרום אונדז זיך צעצונדן) —
שטייען מיר ווידער אין קאָן אויף אַ פֿייער —
(הלוואי פֿאַר אַ בעסערער וועלט, פֿאַר אַ נייער).

דערווייל בין איך ווידער אין עמק,
און ווידער: פֿאַרכאַפּט מיך די הייסע, די זוניקע נידער,
פֿאַרצויגן מיט בלענד פֿון די הימלען די בלאָע —
צופּיסנס די נאַקעטע בערג פֿון גלבוע,
וואָס שטייען ווי ריזיקע קעמלען האָרבאַטע,
ווי קעמלען, פֿון אָרט נישט־גערירט־נאָך לעת־עתה.

כ׳בין ווידער אין עמק —
ווּ כ׳האָב וועגן באַזונגען
די בראָנדזענע מיידן,
די בראָנדזענע יונגען,
וואָס האָבן אַמאָל ווי ציגיינער געדרייט זיך
אין טאַנץ אַרום שייטערס,
און האָבן געגרייט זיך
צו לעבן אַ לעבן, אַ ניי און אַן אַנדער,
אַזאַ, וואָס מען קאָן נישט אין פֿרעמד און אין וואַנדער.

דערווייל בין איך ווידער אין עמק,
און ווידער:

בין פֿול איך, מיט נאָך-נישט-געזונגענע לידער,
וואָס וואַרטן אויף ערדיש-געזונטע פּאָעטן,
צו זען דאָ דעם דור, וואָס ער נעמט שוין פֿאַרטרעטן
די אַלטע ציגיינער : דעם טאַטן, דער מאַמען,
וואָס זענען אין בלי פֿונעם עמק — די שטאַמען.

נישט צום דערקענען — ווי ס׳האָט זיך געביטן.
איך בין דאָ געווען, ווען מען האָט נאָך געשניטן
דעם ווייץ און דעם גערשטן פֿון שניט פֿונעם ערשטן,
דער אָרעמער שניט, וואָס ער האָט נאָר געגעבן
אויף בלויז, ווי מען זאָגט: צו דערהאַלטן ביים לעבן,
און זאַט־זיין דערוויל פֿונעם צוזאָג אויף מאָרגן.

האָט מען אַזוי זיך געטרייסט און געוואָרגן
מיט ביסנס מיט האַרטע, אַזוי ווי די שטיינער,
און ס׳האָבן די זאַמדן פֿון סטעפּ און פֿון מדבר
אין משך פֿון יאָרן געקנאַקט אין די ציינער,
און האָבן נישט איינעם די ציינער צעבראָכן
פֿון בייסן און רייסן דעם באָדן דעם האַרטן,
דערנאָך, זענען אויגן פֿון קאָפּ אַזש געקראָכן —
פֿון שטענדיקן אויסקוקן, שטענדיקן וואַרטן.

און אָט, ווי עס האָט זיך אין קיבוץ געביטן —
עס איז מיר דעם עמק איצט שווער צו דערקענען,
די זון נאָר ברענט ווייטער, און דראָט מיט פֿאַרברענען,
נאָר ס׳פֿעלט נישט קיין וואַסער צום לעשן אַ שריפֿה,
און ס׳פֿעלט נישט קיין שאָטן דאָס פּנים צו לעשן —
ווי ס׳פֿעלט נישט אין שייער, ווי ס׳פֿעלט נישט אין שפּייכלער,
ווי ס׳פֿעלט נישט אין שייער; ווי ס׳פֿעלט נישט אין שפּייכלער,
די פֿרוכט פֿון פֿאַרעקשנט־צעבלוטיקטע הענט
פֿון כוחות פֿון יונגע, וואָס האָבן חמסינען —
מיט אייגענעם פֿייער אַנטקעגן־געברענט,
אַנטקעגן־געפֿלאַקערט, אַנטקעגן־געפֿיבערט,

אנטקעגן-געשטעלט און — אנטקעגן-געקרענקט,
און ביז אין חצות — מיט געזאנג און מיט טענץ
אַרום שייטערס — די רעשט זיך אַ קרבן געברענגט.

און אַט איז אַ קיבוץ אַ פּריצישער הויף שוין,
אַ פּריצישער גוט, נאָר אָן האר און אָן קנעכט,
עס לעבט זיך איצט גוט אין אים, גוט, ווי עס האָט זיך
בשותּפוּת געלעבט אַמאָל ערגער פון שלעכט —
אַז געדאַרפט האָט מען שטילן דעם בראַנדיקן דורשט,
און אַרויסשלאָגן ס׳מאָגערע טעגלעכע ברויט,
ווו עס האָבן זיך פייגל אַפילו געשראָקן
אַראָפּלאָזן זיך אין דער וויסטקייט פון טויט...

און אַט אַזאַ שיינקייט! און אַט אַזאַ רחבות!
און אַט ווי עס וואַקסט און עס בליט אַלץ און גרינט!
זאָל ווויל זיי באַקומען! כ׳פאַרגין עס דער „חברה״ —
זיי האָבן זיך כשר עס, כשר פאַרדינט.

## פֿון תל-אביב אין עמק

פֿון תל-אביב אין עמק זיך אַרויסגעכאַפּט —
האָב איך אויף צוריק אין שטאָט, קיין חשק;
ווי געזונט עס אָטעמט און עס קלאַפּט אַ האַרץ דאָ!
ווי דאָס בלוט איז לויפֿיק, רוישיק!

רוישיק, נישט ווי ס'איז דער רעש אין שטאָט,
און לויפֿיק, נישט פֿון האַוועניש געטראָגן,
נאָר פֿון קאַלטן, קוועליקן געזאָט
פֿון וואַסערן, וואָס שלאָגן.

שלאָגן, אויסבאַהאַלטן אין גלבוע —
גיבן זיי פֿון אונטער שטיין צו וויסן
חפֿצי-בה, בית-אלפֿא, תל-עמל,
וואָס ליגן די גלבוע-בערג צופֿיסנס —

גיבן זיי צו וויסן פֿון דער ברכה,
וואָס זי שטראָמט און רייסט זיך דורכן פֿלאַקער
פֿונעם הייסן טאָג דעם זוניקן,
צו פֿעלד-מיילער געעפֿנטע מיט אַקער.

זענען פֿול די מעזשעס און קאַנאַלן,
זענען פֿול די בירקעס און באַסיינען,
שטראָמען טרעפֿן זיך צונויפֿגעפֿירט פֿון קוואַלן
אויף צונויפֿצוגיסן זיך אינאיינעם —

קריגט דער עמק טייכן — פֿיש צו פֿאַנגען,
און אַ דיכטער — נייע פֿאַרב און קלאַנגען
פֿאַר געזאַנג וואָס כ׳האָב נאָך נישט געזונגען:
ליד פֿון עמקס קבוצה-פֿישער־יונגען.

## אין עין־השופט

א

ערד און הימל, ערד און ווייטן.
איך — אין מיט פֿון פֿעלדער און פֿון סטעפּעס
אַקוואַרעלן־פֿאַרביקע, צעלייגטע,
ווי די לאַנדקאַרטעס צו לערנען עפּעס...

ערשט נישט לאַנג, איז נישט געווען דאָ גאָרנישט.
ביז נישט לאַנג, איז נישט געווען דאָ קיינער.
פֿאַר אַ סימן נאָך פֿון מעשה־בראשית —
ליגן ווי די ציינער־פּיעניעס: שטיינער.

שטיין און גראָער שטיינמעל אויף די וועגן,
וואָס זיי פֿירן ביז אַריין אין ישוב,
צו אַ קאָלעקטיוו, וואָס האָט מיט לעבן
אָפּגעטאָן דער טויטער וויסטקייט — כישוף;

איינס פֿון אַלע וווּנדערס אינעם לאַנד דאָ
אויף אַכזריותדיקע ערד, אויף האַרטער;
וווּנדער, וואָס באַווייזן קאָנען די נאַר,
ווען׳ דער גורל מאַכט פֿאַר איינגעשפּאַרטע.

ווען׳ דער גלויבן מאַכט פֿאַר איינגעעקשנט —
מוז דעם חלום אין אַ וואָר פֿאַרוואַנדלען,
אַז אויף שטיין אַפֿילו זאָל דאָ אויפֿגיין
ברויט און טרויבן, איילבירטן און מאַנדלען;

אַז דער עפּלבוים זאָל דווקא בליען —
ווי מען האָט אים נישט געקאָנט דערוואַרטן;
אַז פֿון אונטער אַלע שטיינערשיכטן
זאָל דאָס וואַסער שטראָמיק זיך אַ שפּאַר־טאָן —

אָנצוטרינקען יעדן דורשט, וואָס ברענט דאָ
אויף די הייסע פֿעלדער, אין די סטעפּעס,
אַקוואַרעלן־פֿאַרביקע, צעלייגטע,
ווי די לאַנדקאַרטעס צו לערנען עפּעס...

ב

אַ קיבוץ ווי אַלע קיבוצים:
מיט מענטשן, וואָס זענען באַנייער
פֿון שטייגער פֿון לעבן, און ווייסן
וואָס ערד איז, און פֿילן ווי טייער
ס'איז אונטער די פֿים האָבן באָדן,
אויף פֿול־מאַכן שפּייכלער און שייער.

אַ קיבוץ ווי אַלע קיבוצים:
מיט אָפֿענע טירן און טויער,
מיט דאגות אַ סך פֿאַרן משק,
מיט אייגענע שמחות און טרויער,
מיט בענקשאַפֿט צו ווייטן — נאָך נאָנטע,
וואָס פֿילן זיי אָן מיט באַדויער.

אַ קיבוץ ווי אַלע קיבוצים,
וואָס האָבן פֿאַרנומען זיך העכער:
ער ליגט צווישן בערג אויף אַ באַרגפּלאַך,
ווו ס'פֿאָכעט מיט ווינטיקע פֿעכער,
און פֿול זענען טאָלן, אַזוי ווי
מיט קילע געטראַנקען אין בעכער.

ג

ווידער אין די האַרטע אָרעמס
פֿון דער סטעפּישקייט אַליין,
אונטער זוניקייט און בלאָקייט,
איבער פֿעלזיקייט און שטיין;
אַזאַ דורכזיכטיקע בלאָקייט,
וואָס זי מאַניעט און פֿאַרבלענדט,
און מאַכט נאָענט אַלע ווייטן —
אָנצורירן מיט די הענט.

ווידער אין די האַרטע אָרעמס,
וואָס אין שטאָט האָב איך באַגערט —
אויג אויף אויג, צו זיין ווי איצטער,
מיט דער ליבער מאַמע־ערד;
מיט דער מאַמען, וואָס איז אָרעם,
דאַר און נאַקעט, אָבער: גוט,
כאָטש דאָס ברויט אירס שמעקט אַביסל
שוין צו פֿיל, מיט שווייס און בלוט...

## עין־חרוד

20 יאָר עין־חרוד

ס׳האָט אַלץ וואָס לעבט — אַ טאַטן מיט אַ מאַמען,
אין עמק איז די מאַמע: עין־חרוד;
אַ מאַמע, וואָס זי האָט קיין עין־הרע,
אָנגעפּלאָדיעט קינדער פֿאַר אַ שטאָט...

כן ירבו! דאָרט ווו קינדער — דאָרט איז לעבן;
דאָרט ווו לעבן — קומט אַריין די ברכה;
און עס האָט פֿון אַלץ, די עין־חרוד׳ער
ברייט־צעצווייגט, צעוואַקסענע משפחה.

כ׳בין ביי דער משפּחה איצט אַן אורח,
וואָס פֿון בלויז הנאה — איז ער זאַט;
ס׳דערמאָנט זיך מיר, דער מאַמען פֿונעם עמק,
ווען זי האָט געבורט־ווייען געהאַט;

די ערשטע ווייען אונטער ווייסע געלטן,
וואָס באַהאַלטן האָבן אַלע זאָרגן,
צוגעדעקט די נאַקעטקייט, און ס׳קינד:
דער גלויבן אויף אַ לייכטן, גוטן מאָרגן.

און איצטער — אָט דער שכר, קיין עין־הרע,
דער שכר פֿאַר בלוטיק שווערע צוואַנציק יאָר;
וואָס טאַטע־מאַמע האָבן ווען געזייעט —
שניידט שוין דאָ, דער צווייטער, נייער דור.

## חולה

מיר זענען געקומען דיך, חולה, באַזינגען:
דיך מער שוין נישט לאָזן אַ זומפּיקע ליגן
פֿאַרגעסן פֿון גאָט און פֿון מענטש, ווי פֿאַרשאָלטן —
פֿאַרוואַקסן מיט מאָכיקע קודלעס און קאָלטנס
פֿון גרינעם געדיכטן פּאַפּירוס צעבליטן —
פֿאַר סם׳יקע נעסטן פֿון שלענג און מאָסקיטן.

מיר זענען געקומען באַצווינגען דיך, חולה,
זיך אונטערצוּוואַרפֿן, זיך אונטערצוגעבן
דעם כּוח פֿון יענע, וואָס רייסן אַריין זיך
אין קריג מיטן טויט — מיט דער קראַפֿט פֿון אַ לעבן,
אַ לעבן אַ דורשטיקס, אַזאַ ווי אין נגבֿ,
ווּ ס׳קאָן נישט דער נאַכט-טוי פֿאַרבייטן דעם רעגן,
און דאַרף — ווי אַ קראַנקער דאַרף בלוט — אַ טראַנספֿוזיע
פֿון וואַסער — זאָל זיין פֿון אַ זומפּיקער געגנט.

און אָט, איז מען חולה, צו דיר אויך דערגאַנגען,
דערגאַנגען באַוואָפֿנט מיט בעסטן כּלי-זין;
מכשירים, אין קאַמף מיט דער ווילדערניש דיינער —
כּדי דיך פֿון זומפּיקער לאַסט צו באַפֿרייען —
מיט אָפּציִען ס׳וואַסער פֿון לייִמיקן בויך דיר,
און לאָזן עס לויפֿן, און לאָזן עס פֿליסן
ס׳זאָל אימפּעטיק, שטראָמיק, זיך טראָגן צום ירדן —
די טרייבקראַפֿט — מיט זיינער צוזאַמענצוגיסן.

מיר זענען געקומען דיר, חולה, צעשטערן
דיין זומפּיקער רו — דו זאָלסט אומרויִק ווערן

מיט אויפֿגאַנג פֿון נייער, פֿון פֿרוכטבאַרער בליאונג, —
צו דאַנקען און לויבן די הענט פֿון באַמיאונג,
די הענט פֿון די זין פֿונעם לאַנד, און די טעכטער,
וואָס זענען אי בויער, אי היטער און וועכטער.

## שאָפּען, אויף די גלעקער פֿון ירושלים

צוועלף ביינאַכט.
ירושלים שלאָפֿט איר האַרטן געטערשלאָף,
און ס׳ליגט איר מאַיעסטעט —
די הייליקייט, געבעט
אויף שוואַרצע בערג מיט ווייסע שטיינערקעפּ,
ווי שלאָפֿנדיקע שאָף;
עס ליגט איר מאַיעסטעט —
די הייליקייט, געבעט
אויף שמאָלע קרומע בעטלערטרעפּ,
וואָס פֿירן געסעלעך אַראָפּ,
ווי קאַטאַקאָמבן צום פֿאַרלוירן־גיין פֿאַרדרייט,
און פֿול מיט גאָט,
מיט סוד,
און טויט.

ס׳איז צוועלף ביינאַכט.
ווי ס׳וואָלט זיך אויסגעדאַכט —
האָט ערגעץ אין די בערג מיט פֿינצטערניש —
אַ קלויסטערגלאָק דערוואַכט,
זיך אויפֿגעכאַפּט
און אויסגעקלאַפּט
אַ שטילן, ווייכן זאַנפֿטן קלונג,
ווי ס׳וואָלט אַ קילער שוואַרצער ווינט
געהאַלדזט אַ גלאָקנטורעם,
און נישט ווילנדיק — אַ צי־געטאָן אויף בלינד
די גלאָקנשטריק,
און ס׳האָט נישט ווילנדיק געגעבן זיך אַ וויג,

אַ שלעפּעריקן וויג אין מויל פֿון גלאָק — די צונג,
אַרויסגעלאָזט אַ קלונג,
אַ קלונג אין נאַכט פֿאַרלוירן,
און אַ צווייטן, און אַ דריטן קלונג און קלאַנג געבוירן,
און דער ריז: דער גלאָק, דער וועקער —
אויפֿגעוועקט האָט זיינע גלעקער:
האָט אַ גלאָק, אַ גלאָק צעטראָגן,
האָט אַ קלאַנג, אַ קלאַנג צעשלאָגן,
און אויף טויזנט שפּליטער־קלאַנגען,
ווי צעקלונגען וואָלטן זיך די שטערן:
דין צעשאָטן זיך, צעגאַנגען,
זיך צעפֿאַלן נישט צום הערן,
און געשטאָרבן פֿאַרן אויער.

— — — — — — — — — —

ס'האָבן גלעקער אין ירושלים
אויסגעקלונגען שאָפּענס מאַרש פֿון טרויער.

## אַ ברוגזער

ווי מען בייזערט זיך אויף אַ געליבטער,
און מען ווערט צו איר פֿון טענות אָנגעצונדן —
בין איך, צווייטע היים מיינע,
מיט דיר געוואָרן ברוגז,
און אַ ברוגז׳ער — מיט דיר מיין גורל שוין פֿאַרבונדן.

כ׳האָב שוין מער און גאָרנישט — אויסער דיך,
ס׳איז הינטער מיר געריסן שוין די בריק.
נישטאָ, נישטאָ שוין קיין צוריק
צו אַלץ, וואָס כ׳האָב געלאָזט-ווו הינטער זיך.

און אפֿשר איז מיין אַלטן היים נישטאָ שוין מער, נישטאָ, —
אַ חוץ די הענגענדיקע הימלען —
נידעריק און גראָ,
ווי אויסגערונען
איבער אַלע מיינע נאָענטע און אייגענע,
וואָס זוכן בלויז דעם אויסוועג צו געפֿינען,
און ווי וויינענדיקע ווערבעס ביי די טייכן —
טראָגן זיי פֿאַרלוירענע די קעפּ,
צעשלאָגן, ווי פֿון שווערע דונערקלעפּ...

נישטאָ, נישטאָ שוין קיין צוריק!
און, כ׳האָב זיך לאַנד, מיט דיר פֿאַרבונדן,
ווי מיט אַ באַנדאַזש אויף מיינע ווונדן.

## שכנות

תל־אביב און יפו — שכנות צוויי.
ס׳איז יפו אַלט, און יונג איז תל־אביב,
פֿאַר וועמען ס׳קומען טעגלעך שיף נאָך שיף
צום יפו׳ער ברעג,
און גייען אויסגעלאָדענע אַוועק.

קוקט יפו אַ פֿאַרפֿינצטערטע,
אַן אָנגעכמורעטע אויף תל־אביב:
איין הימל איבער ביידע
בלאָ און קלאָר און טיף;
איין זון באַשיינט זיי ביידן אַזוי העל,
און טיר ביי טיר,
און שוועל ביי שוועל —
איז יפו אויפֿן פּנים פֿון אירע טעג:
אַ גרויסער שווערער וואָלקן
ביז צום תל־אביבער וועג,
און תל־אביב איז: ליכט אויף ליכט,
אַ ליכטיק בילד געראַמט אין גאָלד,
אַ יונגע, אַ צעוואַקסענע, מיט אַפּעטיט,
וואָס וואָלט אויך יפו איינשלינגען געוואָלט...

איז בייז אויף דער „יאַהודיע" תל־אביב —
די שכנה יפו אין איר שוואַרצן שלייער,
אונטער וועלכן זי באַהאַלט
איר קנאה, שנאה, גיפֿט און פֿייער.

## קליין איז דאָס לאַנד

קליין איז דאָס לאַנד פֿון מיין חלום,
נאָר גרויס האָט עס ווונדער באַוויזן,
אַז ס׳קאָנען אַמאָל אויכעט שוואַכע,
געבויגענע — אויסוואַקסן ריזן,

ווי ס׳וואַקסן פֿון שטענגעלעך — דעמבעס,
וואָס ברעכן די ציין פֿון די זעגן,
און שטעלן דעם בליץ און דעם דונער —
דעם כוח פֿון וואָרצלען אַנטקעגן.

קליין איז דאָס לאַנד פֿון מיין חלום,
נאָר גרויס איז אין אים די דערוואַרטונג
פֿון די, וואָס זיי זענען געקומען
די סטעפּישע בערג אַ צעשפּאַר־טאָן,

און אויסגלייכן טאָלן פֿון אומקום,
און זומפּן פֿון שלענג און מאָסקיטן —
פֿאַרשיטן — עס זאָל אויף זיי ווערן
געאַקערט, געזייעט, געשניטן.

קליין איז דאָס לאַנד פֿון מיין חלום,
נאָר גרויס די עקשנות און גלויבן
פֿון די, וועמען ס׳האָט דאָ דער ווילן
געזיכערט, געשטאַרקט און דערהויבן;

דערהויבן צו הייכן פֿון טורעמס
צעשטעלטע מיט נאַכט-פּראָזשעקטאָרן,
צו זוכן די פֿײַנט דאָ, וואָס שטעקן
ווי פֿעלדמײַז אין ווײַץ און אין קאָרן.

## פֿינצטערניש

...פֿינצטערניש וויל נישט קיין ליכט דאָ —
(דאָס ליכט מאַכט זי בלינד...)
און זי רייסט זיך פֿאַרלעשן עס,
לעשן מיט סטעפּישן ווינט,
און זי וואַרפֿט זיך דערויף, ווי אַ הונט פֿון דער קייט,
און איז גרייט — — —
און איז גרייט עס צו שיקן דעם טויט:
גיי, פֿאַרלענד, גיי פֿאַרניכט
און — אַ סוף מיטן ליכט,
און מיט די, וועלכע טראָגן דאָס ליכט ווו אַריין
און — זאָל פֿינצטער דאָ זיין,
ווי אַמאָל איז געווען:
ס'איז דער בליץ פֿונעם מעסער דעם בלאַנקן — דאָס ליכט,
און דעם רויב קאָן מען אויך אינדערפֿינצטער דערזען...

און וואָלקנס מיט פֿינצטערניש ציען אַזוי —
איבער וואַלד, איבער פֿעלד,
איבער הויז און געצעלט,
איבער שטאַלן מיט קי,
איבער רינדער און שאָף,
איבער מענטשלעכער מי,
און פֿאַרמאַטערט געזיכט,
איבער רו, איבער שלאָף,
איבער חלום פֿון ליכט...

## אין בלינדער שנאה

שוין טעג, שוין לאַנגע טעג, ווי שוואַרצע וואָלקנס
ווערן אין די נעכט, פֿון שריפֿות רויט,
און ס'גייט די בלינדע שנאה פֿונדערפֿינצטער,
גייט אויף לעבן און, לאָזט איבער — טויט.

און הענט וואָס אַקערן בײַטאָג און זייען, —
מוזן ביקסן טראָגן גאַנצע נעכט,
און וואַך־זײַן, גרייט־זײַן — אויפֿנעמען דעם שכן,
ווי ס'פֿאַרדינט אַזאַ וואָס רויבט און שעכט.

און ס'טרעפֿט זיך אָפֿט (ווי ס'קאָן און ס'מוז זיך טרעפֿן
אין אַ צייט פֿון פֿייער און פֿון גרויל) —
און ס'היילט אַזאַ פֿאַר ווייטיק, ווי אַ חיה,
אינדערנאַכט געטראָפֿן פֿון אַ קויל.

און ס'טרעפֿט, אַז ס'קלאָגט אַזאַ זיך, פֿאַר אַ ייד ווען,
קלאָגט און וויינט און שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט,
און שווערט ביי „אַללאַ" — נעמען ווען נקמה
אָן עפֿענדים רויבערישער האַנט;

די האַנט, וואָס פֿירט, פֿאַרפֿירט אַזעלכע בלינדע,
פֿירט פֿאַר אָרעם ליכט פֿון גראָשנגעלט;
אַ האַנט, וואָס וויל זיך פֿעט־מאַכן דעם באָדן
אויך מיט זיי: דאָס ווילדגראָז אויפֿן פֿעלד...

## פֿאַרוואָס און ווי לאַנג

ס׳איז פֿול שוין די לופֿט דאָ, מיט קלאָג און געוויין,
און מען ווייסט נישט: פֿאַרוואָס? און מען ווייסט נישט: ווי לאַנג
מען וועט נאָך לוויות כסדר דאָ גיין
מיט אַ טרויעריק, טיפֿן געזונקענעם גאַנג.

און טראַכטן, אַז מאָרגן, געשען קאָן מיט מיר
און מיט יעדן פֿון אונדז דאָ — דער זעלביקער סוף,
און — פֿאַלן אַ קרבן, ווייל ס׳לויערט אויף דיר
אינדערפֿינצטער, דער פֿיינט, ווי אַ טכויער אויף שאָף;

און פֿאַלן ווי אונטערגעשאָסן אין פֿלי,
מיט צעבונדענע הענט און פֿאַרריסענע קעפּ —
ביים ברענגען אַ קרבן דער בלוטיקער מי —
אויף צו וועקן צום לעבן, דעם מדבר און סטעפּ.

פֿאַרטראָגט נישט דער שכן, דער זון פֿון מאַכמעד —
וואָס אין שכנות מיט אים, ווו פֿאַרוואָרלאָזטקייט בליט —
פֿאַרוואַנדלט די וויסטקייט — אין דערפֿער און שטעט —
דער געקומענער היימלאָזער שכן — דער ייד.

איז — הערט מען נישט אויף נאָך לוויות צו גיין
מיט אַ טרויעריק, טיפֿן געזונקענעם גאַנג,
און די לופֿט איז כסדר מיט קלאָג און געוויין,
און מען ווייסט נישט: פֿאַרוואָס? און מען ווייסט נישט: ווי לאַנג?!

# אין לאַנד פֿון אודזער האָפֿענונג

אַלכסנדר זיידן

דאָס קליינע לאַנד פֿון אונדזער גרויסער האָפֿענונג,
דאָס קליינע לאַנד פֿון אונדזער גרויסער פֿרייד —
דאָס קליינע לאַנד איז אונדזער גרויסער טרויער איצט,
אַ טיפֿער טרויער נאָך אַ נאָנטנס טויט.

עס קוקט דער ווײַ אַרויס פֿון יעדנס אויגן דאָ,
און פֿרעגט זיך אומבאַהאָלפֿן, שטומערהייט:
ביסטו דאָס לאַנד פֿון אונדזער גרויסער האָפֿענונג?
ביסטו דאָס לאַנד פֿון אונדזער גרויסער פֿרייד?

פֿאַר וועלכע זינד — אַזוי פֿיל בלוט און פֿייער דיר?
וואָס קומט פֿאַר בויען אין דער מדבר — היים,
און פֿאַר אַרויסשלאָגן פֿון זאַמדן ברויט פֿאַר זיך,
און פֿון אַ שטיין אַ נאַקעטן — אַ בוים?

דער טרויער פֿרעגט, און ציילט די אומגעקומענע:
די מענטשן, ווי די ביימער, און פֿאַרקערט — — —
ער מעסט אַ יעדעס אָפּגעברענטע תבואה-פֿעלד,
וואָס האָט געלאָזט נאָך זיך פֿאַרקוילטע ערד.

נאָר טראַקטאָרס וואַרפֿן איבער און צעאַקערן
אויפֿסניי די פֿעלדער, אַבלדיקערהייט:
ווייל ס'לעבן גייט, ווו לעבעדיקע לענקען עס,
און לעבעדיקע דאַרפֿן שטענדיק ברויט...

זיי...

ווּ ס׳שמעקט מיט בלוט, מיט מאָרד און רויב,
מיט ברוך און בראָך,
מיט אַש און שטויב;
ווּ ס׳שמעקט מיט אומגליק, פּיין און וויי —
דאָרט ציען זיי, דאָרט קומען זיי:
די שוואַרצע מחבלים, ווי די ראָבן —
אויכעט פּונעם טויט הנאה־האָבן...

אויך צו אונדז, אין לאַנד פון אונדזער מאָרגן,
אויך צו אונדז, אין לאַנד פון אונדזער גלויבן,
ווּ דער אָפּגעדאַרטער שטאַם, אין איבערפּלאַנץ —
האָט דעם קאָפּ צום הימל אויפגעהויבן,
און זיך אויסגעגלייכט ווי נאָך אַ שטורעמווינט,
ווי נאָך אַ שלאַקסרעגן אויף פעלדער ווייץ און קאָרן;
אויך צו אונדז, אין לאַנד פון אונדזער אויפגאַנג —
האָט דער רוח זיי פון אַלדי שוואַרצע יאָרן —
אָנגעטראָגן וואָלקנדיק און פינצטער,
מיט פאַרטייעטקייט, וואָס וועקט פאַרדאַכט
ביי דעם, וואָס איז געוווינט צו איבערפאַל
און — אויג און אויער היט דערפאַר און וואַכט.
און אַז מען היט, ווי ס׳היט ביי אונדז אַ היטער
פונעם לאַנד דעם זוניקן, די טוירן, —
קאָן נישט זיין, די האַנט זאָל טאָן אַ ציטער,
אַז די קויל פון ביקס זאָל גיין פאַרלוירן...

קאָן נישט זיין, זי זאָל נישט ריכטיק צילן —
(אויב מען האָט נאָר איינס: דעם ציל אינזינען)
ס'קאָן אויך זיין מען זאָל אַ שלאַכט פֿאַרשפּילן,
נאָר דעם קריג — געווינען.

## מיר

— מיר וועלן פֿון אָרט זיך נישט רירן,
מיר וועלן פֿונדאַנען נישט גיין, —
איר זאָלט אונדז אַפֿילו נישט לאָזן
אַ שטיין אויף אַ שטיין:
אַזוי האָבן יונגע, אַזוי האָבן אַלטע באַשלאָסן,
ווען ס'האָט זיי דער שכן, דער שונא —
די הייזער באַשאָסן;
ווען ס'האָט זיי דער שכן
די פּלויטן און טירן געבראָכן,
דעם גאָרטן, דאָס פֿעלד און דעם שייער —
געלאָזט מיטן פֿייער.

— מיר וועלן פֿון אָרט זיך נישט רירן,
מיר וועלן פֿונדאַנען נישט גיין,
און — ס'האָבן זיך לעבנס געקלאַמערט
צום אָרט, מיט די נעגל און ציין:
— מיר האָבן דאָ מדבר און סטעפּ בלויז באַטראָטן,
אין וויסטקייט געקומען געפֿינען אַ היים,
מיט שווייס און מיט בלוט זיך אין אויפֿבוי פֿאַרקנאָטן,
געווען דער צעמענט דאָ, די ציגל, דאָס ליים,
און געוואָרן: יסוד,
און די האַרטקייט אַליין,
די האַרטקייט פֿון גורל, וואָס האָט אונדז באַשווירן:
מיר זאָלן פֿון אָרט זיך נישט רירן,
מיר זאָלן פֿונדאַנען נישט גיין.

## פּליטים

צינדט מען ביימער — ברענען נעסטן,
פֿליען פֿייגל זיך פֿונאַנדער — — —
ווידער אַלטע גלות-בילדער
דאָ — נאָך גלות-איבערוואַנדער.

ווידער בילדער אויפֿגעלעבטע
אינעם פֿאָלקס-גורל דעם הארבן:
(טרעמבאָטש, ווײַנלעז און מינקאָווסקים
גראָע לייוונטן און פֿאַרבן):

שריפֿות, וואָלקנס רויך און פּליטים,
אויגן פֿול מיט שרעק געצונדן,
קליאַטשעס, פֿירלעך פֿול מיט בראָכוואַרג,
נויט אין קלומיקעס געבונדן:

ציען אַלטע, ציען יונגע
אָן אַ וואַהין צו וויסן —
אַבי, מיט אַ גרויסער עדה
ערגעץ זיך צונויפֿגיסן,

און צעטריבן, און צעטראָגן,
ווי אַ טשערעדע פֿון פֿלאַמען, —
צו אַ סטאַדע צו אַ גאַנצער
טוליען זיך, און זיין צוזאַמען:

זיצט מען אויף די טרעפּ און שוועלן,
ליגט מען אויף די גאַסנבראָקן,

מען צעוויקלט זיך, צעבינדט זיך —
זאָל מען אויף די ווונדן קוקן!

זאָל זי זען, די זון, און לייכטן
אויף דער פּרוכט פֿון בלינדער שנאה,
פּרוכט פֿון פֿינצטערניש געפֿאַלן
האַרט, ווי איילבירטן, ווי גרינע.

זאָל לבנה, זאָל שטערן
וואַך-זיין איבער נישט געהיטע, —
אונטער הימלען-שלאָפֿנדיקע
שאָף, אַנטלאָפֿענע פֿון שחיטה...

## געפֿאַלענע פֿיר

איר זענט נישט די ערשטע,
איר זענט נישט די לעצטע געפֿאַלענע פֿיר;
פֿאַראַנען אַ סך דאָ, אַ סך נאָך אַזעלכע ווי איר,
וואָס האָט אונדז אין טרויער פֿאַרהילט איצט דאָס לאַנד:
די יידישע פֿעסטונג די לעצטע, די וואַנט
פֿון אַזעלכע ווי איר —
געפֿאַלענע, הייליקע, ליכטיקע פֿיר.

איר זענט נישט די ערשטע,
איר זענט נישט די לעצטע
ווען ס'לאַנד איז אַרום היינט באַגלייטן מיט יראה;
זאָל ליגן אויף אייערע קברים די פֿרישע —
צווישן די קרענץ — אויך מיין פֿערזנקראַנץ שירה.

# באַרעמהאַרציקע

די דערמאָרדעטע נחמה און מאַרסאַ —
געהיילֿיקט.

זענען קראַנקנשוועסטער צוויי,
ווי יעדן טאָג — אַוועק אַזוי
מיט גיכע טריט,
צום ווייסן הויז,
ווו קראַנקהייט בליט
און קוקט זיי אויס
מיט היץ און פֿיבער, —
דורשטיק נאָך די שוועסטער-הענט,
וואָס לייגן צו און בינדן איבער
מיט אַזעלכע ליליען-פֿינגער,
גיסן זאַלבן, ציילן טראָפּנס,
מאַכן לינדער, מאַכן גרינגער,
מאַכן ווייכער דעם צוקאָפּנס,
און מיט אויגן, טויבנאויגן, —
באַרעמהאַרציק אָנגעבויגן,
ווי די מאַמעס איבער קינדער:
קראַנקע אין די קראַנקנבעטן
ווי אין קופּעס שניי — צו גלעטן,
וואַרעם גלעטן, וואַרעם טרייסטן:
ווערסט נאָך ווידער, ווידער, ווידער — — · — —
אַלע זענט איר אונדז דאָ ברידער,
אַלע זענען מיר אייך שוועסטער
אין סכנה אויך אין גרעסטער...
און די קראַנקע —

שמייכלען, דאַנקען:
דאַנק אייך, האַרציקע און צאַרטע,
דאַנק — נחמה,
דאַנק דיר, מאַרטע!...

אָט אַזוי־אָ האָבן זיי,
די באַרעמהאַרציקע, די צוויי —
צום הויז צום ווייסן זיך פֿאַרנומען,
און דאָס שוואַרצע געסל נישט אַריבער,
און פֿון שונאס שטאָט נישט צוריקגעקומען...

## ביימער אין פלאַמען

ווי אַ קינד איז דאָ אָן אָפּגעהיטן ביימעלע, —
אַזוי איז דאָ אַ ביימעלע — אַ קינד,
ווען מ׳טאַטע־מאַמע גיבן אָפּ דעם לעצטן ביסן, —
ס׳זאָל זיך קרעפּטיקן און ביישטיין יעדן ווינט,
און וואַקסן אויף להכעיס אַלע שונאים,
און אַ טרייסט־זיין און אַ צוזאָג זיין פאַר די,
וואָס האָבן זיי געגערט און אויפגעהאָדעוועט
מיט יאָרן בלוט און שווייס פון זייער מי.
— — — — — — — — — — — — — —
די שטערן האָבן נאָר געזען,
די שטילקייט פונדערנאַכט — געהערט:
פאַרגנבענען זיך ווייכע טריט
אויף אויפגעהאַקטער האַרטער ערד
פון שלאַפנדיקע פעלדער, סעדער, גערטנער;
שטערן האָבן נאָר געזען,
און ס׳האָט די נאַכט געהערט נאָר:
חיהש אָטעם,
ציינגעקריץ,
אַ שאַרף געהאַק
און בלאַנק געבליץ;
אַ דין געקנאַק
פון ברעך און ריס;
אַ שדים־טאַנץ מיט הענט און פיס,
וואָס האָבן פייערן געוואָרפן
בלינדערהייט אויף יונגע שטאַמען, —
זענען ווי אויף הירשנפּים
געשטאַנען ביימעלעך אין פלאַמען,

איבער וויאָרסטן, איבער מײלן —
נישט צום אָפּגעלאָשן ווערן;
און עס האָבן זיך פֿאַר צער
געלאָשן אײנציקווייז די שטערן.

און דער טאָג האָט נישט דערקענט,
וואָס ער האָט אָנגעטרויט דער נאַכט,
און ס׳האָט באַגינען זיך געדאַכט,
אַז ס׳וויל די זון אַליין
פֿאַר טרויער און פֿאַר צער, צוריק פֿאַרגיין...

## נאָך שחיטה

ווי בלאַס, ווי שוואַך איז איצט דאָס שטאַרקסטע וואָרט
פֿון טרייסט — נאָך מאָרד, נאָך מאַסנמאָרד,
נאָך שחיטה —
איבער יונגעביימעלעך,
נאַר־וואָס אויפֿגעבליטע.

ווי בלאַס איז, און ווי שוואַך, דאָס טרייסטוואָרט,
און ווי קליין איז איצט די גרעסטע שטראָף
פֿאַר די, וואָס האָבן אומבאַגנעדיקט זי פֿאַרדינט, —
כאָטש ס׳האָבן פֿירער זיי, ווי שלעכטע פּיטערער
פֿאַרפֿירט אויף פֿרעמדע פֿעלדער, ווי די שאָף,
און אינדערפֿינצטער אינדערבלינד —
געהייסן צינדן, אונטערצינדן,
נעמען אויף צו הילף דעם ווינט
און — יידיש אָרעם גוטס,
און אויסגעוויינט פֿאַרמעג —
צו לאָזן איבער נאַכט,
מיט אַש און רויך אַוועק.

איז יעדע שטראָף איצט קליין,
און יעדעם טרייסטוואָרט שוואַך;
ווען צער מאַכט שטום ווי שטיין, —
איז אָרעם יעדע שפּראַך.

## אָבלדיק

אַן אבל איז היינט דאָ אין לאַנד יעדער יידישער פּויער,
אַן אבל וואָס קאָן זיך קיין שבעה נישט זעצן אין טרויער
נאָך לעבנס, נאָך לעבעדיק האָב: פֿעלדער גרינס, ווייץ און קאָרן,
נאָך ביימער, וואָס זענען פֿאַרברענט זיי און עוקר־געוואָרן.

און אבל׳דיק זענען אין לאַנד איצט די שאַפֿער און בויער,
וואָס האָבן קיין צייט נישט זיך שבעה־צו־זעצן אין טרויער —
בייטאָג אין וואַרשטאַטן, ביי טראַקטאָרס און אַנדערע פֿליכטן, —
ביינאַכט אויפֿדערוואַך קעגן פּראים, וואָס קומען פֿאַרניכטן.

איז אבל׳דיק ס׳לאַנד — ווי דער בירגער, דער בויער און פּויער,
און אַלעמענס טרויער דאָ איצט, איז מיין אייגענער טרויער,
מיט וועלכן מען קאָן זיך קיין שבעה נישט זעצן און קלאָגן,
נאָר אַקערן טיפֿער — דאָס אויפֿגיין זאָל העכער נאָך שלאָגן.

## אין בלוט און אין פֿייער

אין בלוט און אין פֿייער
קומט אוים אונדזער היים דאָ צו בויען,
אין בלוט און אין פֿייער —
צו לייגן די ציגל און טרעפּ,
און וואַקסן און שטייגן אויף זיי
אין די הימלען די בלאָע,
וואָס ליגן צעפּלאַטערט אויף דעכער,
אויף טורעמס און קעפּ.

אין בלוט און אין פֿייער,
קומט אוים אונדז צו גיין אַליץ אַנטקעגן,
אין בלוט און אין פֿייער —
צו פֿירן דעם אַקער אין פֿעלד,
און וואַרפֿן, ווי בריקן —
געפּלאַסטערט צעלאָפּענע וועגן,
און פֿילן אין אויפֿטו —
דאָס ווערן די אַקס פֿונדערוועלט.

# נקמה

וואָס ווייסט אַ הונט דעם אונטערשיד
פֿון קריסט און ייִד,
פֿון מוסולמענער און — בכלל —
פֿון ראַסנהאַס ביז גיפֿט און גאַל,
פֿון „ווייסע", „שוואַרצע", „ברוינע",
וואָס דאָס ליכט — איז זייער שונא.

און דער הונט האָט נישט געוווּסט,
אַז ס'קאָן דער באַלעבאָס זיינער, דער ייִד,
נישט איבערטרעטן מער די שוועל
פֿון אַבו־סיד —
דעם שכן זיינעם, שוין פֿון כמה יאָרן;
ס'האָט דער כלב נישט געאַנט
פֿון ברענענדיקן צאָרן,
וואָס איז פּלוצלינג אויסגעבראָכן
קעגן באַלעבאָס זיינעם —
מצד דעם שכן;
נישט געוווּסט: פֿאַרוואָס די בלאָע הימלען
ווערן שוואַרץ — בייטאָג, און רויט — ביינאַכט:
פֿון אונטערצינדונגען, פֿון איבערפֿאַל, פֿון שלאַכט.

און — ס'איז דער הונט, ווי קיינמאָל גאָרנישט
(פֿון געוווינהייט שוין) — אַוועק אַליין
צום שכן אַבו־סיד, זיך שפּילן מיט די קינדער,
אָדער אָפּלעקן ביי אים אין הויף אַ ביין
(ווי אַלע מאָל), נאָר אַבו־סיד
האָט אויך אויף אים געקוקט שוין פֿיינטלעך,

ווי ער וואָלט געזען ביי זיך אַ ייד,
און אַבו־סיד באַשלאָסן האָט אים פּטרן.
ביז: איינמאָל, ביי דעם הונטם אַזאַ וויזיט,
האָט אַבו־סיד אַ כאַפּגעטאָן אים פֿאַרן האַלדז —
דערשטיקט, און טויטערהייט —
צוריק אַריינגעוואָרפֿן אים צום ייד,
אויף יענער זייט פֿון פּלויט...

## אונדזער שכן

אין אונדזער ברוינעם שכן מיט דער אָרעמער קעפּאיע און אַבאַיע —
האָט זיך אין אַ טאָג אַ שיינעם, אויפגעוועקט דער סטעפּ,
און אינעם סטעפּ — דער ווילדער מענטש — די חיה,
און דער שכן איז, נישט מיר, נישט דיר, אַרויס
מיט בליצנדיקע אויגן און מיט שטשירענדיקע ציינער,
קעגן אונדזער הויז,
און אָנגעהויבן צו באַוואַרפן אונדז מיט שטיינער,
און דערנאָך — געטאָן זיך פונעם אָרט אַ ריס,
און זיך אַריינגעריסן ווילד אין אונדזער גאָרטן,
און דאָס גרינס געמומען טרעטן מיט די פיס,
און וואָס ער האָט נישט מיט די פיס געקאָנט —
געריסן און געבראָכן מיט די הענט,
און וואָס ער האָט נישט מיט די הענט געקאָנט —
געלאָזט מיט פייער און פאַרברענט.

און אַז דער ברוינער שכן אונדזערער
האָט אָפּגעטאָן שוין, וואָס ער האָט געטאָן,
און איז, ווי קיינמאָל גאָרנישט, מיטן פנים קעגן זון
געקומען צו דעם ברונעם אונדזערן נאָך וואַסער,
און מיר האָבן אים אַ פרעג-געטאָן: היתכן?
ס'טייטש?! — אַ שכן, נישט פון היינט אַ שכן —
גייט און נעמט — — — —
און קומט נאָך אָן חרטה, אָן באַדוירן — — —
און דער שכן האָט זיך ווי אַ קינד פאַרשעמט
און ווי אַ שעפּס פאַרלוירן,
און פון גלאַנציקן און קופּער-ברוינעם שטערן —
מיט אַן אַרבל זיך אַ וויש-געטאָן דעם שוויים,

און תמעוואַט געשמייכלט מיט דער ציינער־ווייסקייט:
— הע! איך ווים?!
נישט אַנדערש, נאָר אַ שד האָט מיך געטאָן אַ כאַפּ,
— איך ווים?! — געקומען די שאַבאַב,
געזאָגט: גיי נעם, ס'איז דיינס,
געזאָגט,
אַז אַלץ, וואָס איר פאַרמאָגט —
איז מיינס,
געזאָגט, אַז יידן — — — —

האָבן מיר דעם שכן אונדזערן דערקלערט,
אַז ס'איז זיין אומצוטרוי און שרעק פאַר אונדז אומזיסט,
(אַז יידן ווילן זייער היים און זייער ערד),
אַז ערד, וואָס ליגט פאַרוואָרלאָזט און פאַרוויסט
און בעט זיך: נעמט, באַפרוכפּערט מיך, כ'בין גרייט
צו צאָלן יעדן פאַר זיין מי, מיט ברויט —
איז דאָ גענוג, אַפילו דאָ אין קליינעם לאַנד,
ווו ס'שטיקט און דריקט אי אונדז, אי אייך,
ווי מיט אַ שטיוול אויפן האַרץ — אַ האַנט,
אַ האַנט, וואָס שיצט נאָר די, וואָס זענען רייך.

דער שכן האָט געהערט, געהערט,
און זייטיק זיך פאַרקוקט,
און זייטיק זיך פאַרקלערט,
געטאָן פון צושטימונג אַ רויען בריל: אַהאַ!
צום סוף, דערמאָנט זיך אָן זיין פעטן בייכיקן עפענדי,
און אַ שפּיי־געטאָן: אַ קעלב אַזאַ!...

## נישט דערקענט

כ׳האָב זיי נישט דערקענט, די ברידער מיינע,
נישט דערקענט —
ווען פֿייער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד,
און שטאָט און דאָרף — געברענט,
און ס׳האָבן מיינע ברידער, אַליאַרמירטע
זיך געטאָן אַ לאָז־אַרויס
פֿון יעדן צעלט,
פֿאַבריק און הויז,
און מחנהווייז — אַנטקעגן שונא זיך געצויגן
מיטן אָפּשיין פֿון דער שׂריפֿה אין די אויגן,
און אַזוי — צעשטעלט זיך וואַנט נאָך וואַנט,
ווי שטאָל און אייזן קעגן פֿייל פֿון בויגן.

כ׳האָב זיי נישט דערקענט, די ברידער מיינע, —
ווען געפּאַנצערטע מיט גלויבן
האָבן זיי די אַקערס אויף די פֿעלדער אויסגעשפּאַנט,
געכאַפּט די פֿערד,
און מיטן גורל אינדערהאַנט —
אַ ריס־געטאָן זיך ווי די אָדלער פֿון דער ערד,
און ווי אַ בליץ — אויף באַרג זיך אויפֿגעהויבן,
ווי אַ דונער — זיך אין טאָל אַראָפּגעלאָזט,
און קולות ווי די שטיינער אויסגעשאָטן:
— אונדזער ערד!
מיר האָבן זי באַטראָטן
וויסט, פֿאַרלאָזט;
— זאָל פּרוּוון ווער, די שפּיכלערס אונדז צערויבן!
— זאָל פּרוּוון ווער, די שייערס אונדז פֿאַרברענען! —

מיר װעלן װײַזן װער און װאָס מיר זענען!..

האָב איך נישט דערקענט די ברידער מײַנע:
פֿאַסטוכער, מיט אױגן גוטע, שאָפֿענע, —
פֿון פֿעלדער אַנגעלאָפֿענע
באַשיצן שאָף און רינד, —
װען ס׳זענען שױן געשטאַנען:
מאַן און װײַב, און קינד,
װי עקאַליפּטוסן און טאַנען —
קעגן מדבר־װינט:
די פֿיס פֿאַרװאָרצלט אינדערטיף,
די קעפּ פֿאַרקלעטערט אינדערהױך,
די הענט געקרײַצטע אינדערברײט,
געהילט אין פֿלאַם,
געהילט אין רױך,
און װי די פֿעלדזן — נישט געברענט...

און נישט דערקענט זײ, נישט דערקענט
האָב איך די ברידער, מײַנע ברידער,
נישט געגלױבט, אַז פֿון דער נידער
װעלן זײ זיך דאָ דערהײבן,
אַז פֿון מײַנע ברידער — לעמער —
זענען אױסגעװאַקסן — לײבן.

# איבערפֿאַל

(פּאָעמע)

שפּעטע נאַכט.
ווי אָפּגעמעקט פֿון יעדן שפּור פֿון לעבן —
ליגט צעווישן באַרג און טאָל, דער קאָלעקטיוו,
ווי צוגעדעקט מיט פֿינצטערניש געדיכטער.
שטערן פּרוּוון לייכטן און באַלייכטן,
צינדן זיך און זשמורען ווי מיט אויגן,
לעשן זיך — דערטרונקען אינעם חושך.

טויבע שטילקייט.
ווי דעם אָטעם איינגעהאַלטן
וואָלט דער פֿינצטערער אַרום.
אַ ביקסנשאָס, אַ הילך,
ווי ס׳וואָלט פֿון בליי אַ פּראָפּן —
דורכגעזעצט די נאַכט,
און ווי אויף שפּליטער-שטיקלעך
ערגעץ זיך צעשאָטן.
נאָכן ערשטן ביקסנשאָס — אַ צווייטער,
נאָך אַ ווייטערער — געשיקט אַן ענטפֿער.
ווידער שטיל, נאָך שטילער ווי געווען,
און אין דער שטילקייט — דרעמלענדיקע אומרו.
פֿונדערפֿינצטער טיילט זיך אויס אַ סילועט —
אַ שומר מיט אַ ביקס.
נישט לאַנג נאָך אים — אַ צווייטער סילועט —
אַ צווייטער שומר.

ערשטער שומר: נו, ווי זעט עס אויס?
וועט נויטיק זיין נאָך קוילן היינט,
צי ס׳וועט גענוג זיין?..
צווייטער שומר: כ׳מיין אַז ס׳וועט נישט סטייען,
עס געפֿעלט מיר עפּעס נישט די שטילקייט,
שטיל אַזוי איז שטענדיק ערב עפּעס...

ערשטער שומר: זייער נאַכט היינט.
האָסט געזען אַ פֿינצטערניש?!
דערצו די פֿייכטקייט —
ממש, עס צענעמט די ביינער,
ס׳מלבוש קלעפּט זיך מיר צום לייב שוין,
אויך די ביקס אין האַנט איז קלעפּיק,
ס׳איז אַ נאַכט אַזאַ, פֿאַר פֿלינקע קעץ נאָר
און פֿאַר כיטרע פֿוקסן...

אַ שאַקאַל האָט זיך צעקלאָגט,
אַ צווייטער און אַ דריטער,
און נאָך זיי — אַ גאַנצע עדה:
קלאָגט אַ הונגעריק געקלאָג
אַריין, אין טויבער נאַכט.
אַ פֿלעמל פֿון אַ האַנטלאַמטערנע
שווימט פֿון ווייטנס, נאָענט פֿון דער ערד —
אַנטקעגןביידע שומרים.
ביידע בלייבן שטיל
און קוקן אין דערוואַרטונג
אויפֿן קומען פֿונעם פֿלעמל,
וואָס באַלייכט און וואַרפֿט אַ שאָטן
פֿון אַ מענטש, וואָס נעענטערט איילִיק.

איינער פֿון די שומרים: ווער איז?
ענטפֿער: איך פֿון דריטן פּאָסטן!
ס׳פֿלעמל לעשט זיך.
אינדערפֿינצטער:
דריטער סילועט וואַקסט אויס.
דער דריטער: (סאָפּנדיק און אײַליק)
— פֿונעם צווייטן פּונקט געקלונגען
האָט מען, אַז פֿאַראַן סימנים,
אַז מיר דאַרפֿן היינט זיך ריכטן
אויף אַן איבערפֿאַל פֿון דרום,
און מען הייסט אונדז האַרט ביים וועלדל
באַלד פֿאַרגרעסערן די שמירה.

צווייטער שומר: ס׳איז ביימאָג געווען שוין קענטיק,
ס׳האָבן חברה ביי דער אַרבעט
אויף די פֿעלדער, היינט פֿאַרדעכטיקט —
ס׳ציען זיך פֿון קאַראַוואַנען,
באַרג־אַראָפּ־צו מיט דער וואַדי,
פֿול באַזעצט און אָנגעלאָדן
ווי צו אַ באַלאַגערונג:
מיט ווייב און קינד,
מיט זעק אויף רויב,
מיט בלעכן נאַפֿט
אויף אונטערצינדן...

ערשטער שומר (ווי צו זיך): דער טייוול ווייסט זיי
וואָס דער סוף וועט זיין דערפֿון, און ווען?
נישטאָ שוין באַלד קיין כוח אויף די פֿים צו שטיין, —
פֿון וואַך־זיין און פֿון קעמפֿן מיט די כנופֿיות,

נאַכט נאָך נאַכט, חדשים לאַנג אַזוי!
דער דריטער שומר: כ׳מיין, ס׳איז נישט געוווּנטשן,
אַז מיר זאָלן אַלע דריי דאָ שטיין צוזאַמען,
לאָמיר זיך פֿונאַנדער — — —
(ענדיקט נישט דאָס וואָרט,
און אַלע דריי באַפֿאַלט אַ שווער אומהיימלעך שווייגן).
אויפֿן שוואַרצן פּאָן פֿון נאַכט —
אַ פֿאַרדעכטיק רייטלען זיך,
ווי פֿון אַ זונאויפֿגאַנג;
די רויטקייט הייבט זיך,
שטייגט און שטאַרקט זיך,
פֿינצטערניש טרעט הינטערוויילעכטס אָפּ
דאָס אָרט פֿאַר רויטקייט...

אויפֿגעלויכטן פֿון אַ שריפֿה —
שטייען הייזלעך, שטאַלן, שפּייכלערס.
אַן אַליאַרם פֿונעם הויפֿגלאָק.
אַ געלייף פֿון סילועטן.
ס׳הערן זיך די ביקסנשלעסער, —
ערשטער זאַלפּ, אַ צווייטער, דריטער,
קוילן בליצן-אויף און קנאַלן,
רייסן אויף די נאַכט די טויבע,
און אַ טראַקטאָר קנאַקט און טראַסקעט
אויפֿן רויטן פֿעלד מיט תּבֿואה,
רייסט און דישעט צו מיט גליבעם ערד —
דאָס פֿרעסנדיקע פֿייער...

ביי דעם אָפּשיין פֿון דער שריפֿה —
ווי די ציינער קריצן שטיינדלעך

אונטער טריט פֿון די, וואָס טראָגן
דורכן הויף אַדורך אַ קרבן —
אַ פֿאַרוווּנדעטע שומרת.
זי — געהיטן האָט דעם גורן,
און די ערשטע קויל געשיקט זיי,
ביז דער לעצטער קויל אין טאַש —
געפֿייערט און נישט אָפּגעטראָטן...

הויף ווערט ליידיק, שטיל און שטילער.
שיסעריי ווערט שוואַך און שוואַכער,
שאָסן איינצלנע און ווייטע
קומען שוין ווי אָפּגעשלאָגן;
אויך דאָס פֿייער פֿאַלט און לייגט זיך,
און די רויטקייט — בלאָס און בלאַסער —
קריכט אײַנגאַנצן אָפּ פֿון הימל,
און אַ האַלבע נאַכט בלײַבט ליגן
ווי אַן אויסגעברענטער שייטער...

ס'פּיקט זיך שוין אויף טאָג.
אַ מאַטע בלאַסע בלאָקייט
גייט פֿאַרשלאָפֿן אויף אין האָריזאָנט.
די זון שלאָגט קוים זיך אָן אָן הימל,
ווי אָן שאָלעכטס פֿון אַן איי,
וואָס פּלאַצט, צעפֿאַלט,
און לאָזט אַרויס אַ ניי־געבוירן לעבן.
— — — — — — — — — — — —

אַ געקריי, אַ הירזשעריי און קי־געמעק,
געגיי פֿון הייזער, געלטן און באַראַקן,

ס׳קלאַפּן רעשיק מילכקאַנען, און ס׳קלינגען
ציימלעך, קייטלעך, רינגען פון געשפאַנען;
ס׳איז דער הויף — נישט אויסגעשלאָפן — וואָך שוין
אינעם בלאָען טויאיקן באַגינען,
וואָס ער טריפט אויף אַלץ מיט טראָפּנס פייכטקייט,
פריש, ווי נאָך אַ רעגן.

אין חדר-האוכל ביי דער קיך,
אַרום דעם לאַנגן טיש ביי פרישטיק:
„חברה״ טיילן זיך מיט איבערלעבונג פונדערנאַכט,
און טומל הייבט זיך מיט דער פאַרע
פון די טעלער, טעפ און קריגלעך;
איינער פאַלט דעם צווייטן אין די רייד אַריין,
אַ שטים פאַרשרייט אַ שטים,
ס׳האָט יעדער עפּעס צוצוגעבן,
צוצוגעבן, צוצוּוואַרפן
פאַרב צום בילד, און פייער
צו דער נאַכט-דערציילונג...

„ס׳איז געווען שוין איינמאָל פון אַ נאַכט!
עס האָט זיך זיי געלוינט דער עסק...״
„זיך געריסן ווי די לייבן
און געפאַלן ווי די פליגן...״
„בלינדע זענען זיי, וואָס ווייסן זיי! —
מען הייסט זיי גיין, איז — גייט מען
פון די פירער אָפּגעקויפטע,
פאַר אַ פעקל סיגאַרעטן...״
„וואָלטן איינמאָל די עפענדים
כאָטש אַרוים מיט זיי צוזאַמען,

און פֿאַרזוכט אַ קויל אַ הייסע —
וואָלטן זיי געוווּסט, וואָס הייסט עס:
וואַרפֿן מענטשן בלינד אין פֿייער,
מענטשן, אַרבעט־מענטשן פּונקט ווי מיר
און — קאָנען זיין אונדז ברידער".

„ס'ועט נאָך דוי'רן, לאַנג נאָך דוי'רן,
ביז די בלינדע וועלן ווערן זעעווּדיק,
און אָנהייבן פֿאַרשטיין אי אונדז, אי זיך אַליין..."
„פֿאַראַנען, צום באַדויערן, אַ צד ביי זיי,
און אויך אַ צד ביי אונדז,
און נאָך אַ דריטער צד". —
די אַלע צדדים ווילן נישט
אַריינטראָגן קיין ליכט צו זיי,
עס לוינט זיי נישט, —
ווייל אינדערפֿינצטער
טוט זיך „שוואַרצע אַרבעט" בעסער.
ס'וועלן, ווער־ווייס וויפֿל צייטן,
מוזן אָפּגיין נאָך אין בלוט..."

דער הויפֿגלאָק האָט אַ קלונג־געטאָן
און אָנגעזאָגט דעם אַרבעט־טאָג,
און „חברה" זענען מיט די לעצטע ביסנס
פֿון דער קיך אין הויף אַרויס,
און פֿונעם הויף — ווי זעלנער זיך צעשאָטן
מיט די אַרבעט־כּלים,
ווער, מיט טראַקטאָרס, ווי מיט טאַנקען,
ווער, צופֿוס, און ווער מיט פֿורן
זיך צעפֿאָרן, זיך צעגאַנגען

איבער טויאיק־פּייכטע וועגן,
צו די פֿעלדער, צו די כּרמים,
וועלכע ווילן גאָרנישט וויסן,
און זיי וואַרטן,
און זיי מאָנען:
בלוט און שוויים, פֿאַר ברויט און ברכה.

## פלמ"ח

פֿון שטאָט און דאָרף; פֿון פֿעלד און פֿון פֿאַבריק —
די יונגסטע זענען זיי אין אונדזער וואַך,
די יונגסטע אויך אין אונדזער קאַמף און קריג.
די יונגסטע און געוואַגטסטע: דער פלמ"ח.

זיי זענען אַלע קינדער נאָך כמעט,
מיט קעפּ מיט ווינט־צעקעמטע, שוואַרץ און בלאָנד,
און ס'וואַרפֿט זיך אין די אויגן אַזאַ יאַט,
וואָס איבערקערן וואָלט אַ וועלט געקאָנט...

די יונגסטע זענען זיי — אין עול געשפּאַנט,
נאָר ס'שלאָגט פֿון זיי מיט לעבן, וואָס איז פֿריי
און איז זיי טייער, ווי דאָס פֿאָטערלאַנד,
פֿאַר וועלכן ס'איז זיך מקריב־זיין כדאַי.

זיי זענען אונדזער אויג אין קאָפּ אַצינד,
און ס'ווינטשט זיך ס'לאַנד אַזעלכע זין אַ סך,
ווייל שונאים האָבן מיר, נאָך מער ווי הינט,
איז אונדזער טרייסט: די גבורה פֿון פלמ"ח.

# געבוירט פֿון ישראל

א

אַ רוקזאַק מיט צידה־לדרך, אַ דעק —
אינדערנאַכט זיך צו שיצן פֿאַר פֿייכטקייט און קעלט:
גייען מחנות אַוועק, אויף שמירה אַוועק,
און רוקן אַרויס זיך צו גרענעץ פֿון פֿעלד,
און צו ישוב פֿון וויטסטן, פֿאַרוואָרפֿנסטן העק,
ווו מען האַלט נאָך ביים אָנהייב, ביי בראשית פֿון וועלט.

די היטער, דאָס זענען די בוייער פֿון לאַנד,
די קענער פֿון יעטוועדע סטעזשקע און בוים,
פֿון יעטוועדן שטיין, און דעם אונטער־דעם־שטיין,
ווו עס לויערט דער פֿיינט, ווי אַ שלאַנג — איינגעהיים.

די היטער, דאָס זענען די זין פֿונעם לאַנד,
די זין און די טעכטער אויף וועמען ס'קוקט אויס
אַ פֿאָלק ביזן גאַרטל דערטרונקען אין בלוט —
אויף היילונג, אויף גאַנץ־זיין, אויף שטאַרק־זיין און גרויס.

ב

ווי ס׳איז מיר דערווידער אַ יעדע כּלי־משחית, און ס׳קלינגען מיט שפּאָרן,
ווי ס׳איז מיר אַ יעדנס געפּאָך מיטן שווערדל — דערווידער, —
דאָך בענטש איך פֿון הארצן די הענט דאָ, די הענט פֿון די ברידער,
וואָס קאָנען (ווען נויטיק איז) נעמען און האַלטן געווער,
און זיך אומגיין דערמיט, ווי אין פֿעלד, מיטן פּיאָש און מעדר.

ווער ס׳פֿאַרשטייט נישט די שפּראַך פֿון דער מי, וועלכע שאַפֿט,
און צו וועמען עס רעדט נישט דאָס האַרץ, נאָר די קראַפֿט
פֿון דער פֿויסט, וואָס צעברעכט,
פֿונעם כּוח, וואָס שטערט, —
דאַרף מען רעדן צו אים אין זיין אייגענער שפּראַך:
מיט דער שאַרף פֿון דער שווערד,
און מיט פֿייער אַ סך,
מיט פֿייער פֿון „ברען" און פֿון „סטען" און נאַגאַן,
און פֿון יעדע כּלי־משחית, וואָס איז נאָר פֿאַראַן
און — איז מיר דערווידער;
און נאָכאַמאָל זאָג איך: געבענטשט זאָלן זיין דאָ די הענט פֿון די ברידער,
וואָס קאָנען (ווען נויטיק איז) נעמען און האַלטן געווער,
און זיך אומגיין דערמיט, ווי מיט האַמער און סערפּ, ווי מיט פּיאָש און מעדר.

ג

דער „דאָרטן" זאָל אונדז דאָ נישט איבערחזרן זיך ווידער —
דאַרף ביישטיין אונדז דער קאַמף־גייסט פֿון די געטאָגראַדער ברידער,
וואָס האָבן ביז צו אומקום זיך געשלאָגן פֿאַר באַפֿרייאונג, —
ווי אונדז קומט אוים דאָ שלאָגן זיך, פֿאַר אויפֿקום און באַנייאונג.

זאָל ביישטיין אונדז דער גייסט פֿון זיי, די געטאָ־מכבי׳ער,
וואָס האָבן מיטן אויפֿהייבן די פֿאָן פֿון קאַמף פֿון זייער,—
דערהויבן זייער גבורה צו אַ קדושה פֿון אַ גלויבן,
און פֿאַלנדיק — די הייליקייט פֿון מענטש אַרויסגעהויבן.

ד

פֿאָרנט — דער שונא פֿון סטעפּ און פֿון מדבר,
פֿון הינטן — דער שונא, וואָס שטאַמט פֿון פּיראַטן,
צווישן צוויי פֿייערן — אונדזערע יונגען,
אונדזערע טייערע, גאָלדענע יאַטן.

גייען זיי, גייען אויף בערג און אין טאָלן,
ווי ס׳לעבן וואָלט גיין מיטן טויט זיך פֿאַרמעסטן;
גייען, פֿאַרגייען אין האַרץ פֿון די באַנדעס —
אויפֿרייסן זיי אין די פֿינצטערע נעסטן.

אונדזערע וואַרטן נישט אָפּ זייער קומען
אויף מאָרד און אויף רויב, צו די יידישע וועגן;
אונדזערע וואַרטן נישט, אונדזערע גייען,
גייען זיי דרייסטע, געוואַגטע אַנטקעגן.

ה

עס ווײנען נישט בײ אונדז דאָ טאַטע־מאַמע,
ווען ס׳גײען זין (אויך אײנציקע) אַוועק,
פֿאַרטײדיקן דאָס לאַנד, ווען ס׳שטײט אין פֿלאַמען
מיט בלוטיק־אויסגעהאָרעוועט פֿאַרמעג.

זײ ווײנען נישט (מ׳איז דאָ נישט לײכט אויף טרערן),
דאָס רײסן שטײן און פֿעלדז, מאַכט האַרט און קאַלט,
און ס׳איז זיך קינד און קײט דאָ גרײט צו ווערן,
און שלאָגן זיך מיט יעדן, וואָס באַפֿאַלט.

איז — ווײנען נישט בײ אונדז דאָ טאַטע־מאַמע,
ווען ס׳גײען זין, וואָס ווײסן נישט פֿון שרעק —
אַרויס — די שריפֿות לעשן און די פֿלאַמען,
אַרויס — אַנטקעגנגײן דעם פֿײנט אין וועג.

זײ ווײנען נישט, כאָטש ס׳ליגט זײ אין די אויגן
דער צער און ליבע צו די זין פֿון לאַנד,
וואָס האָט אין בוי, אַ נײעם דור דערצויגן,
אַ דור, אויף פֿעלדזיק־האַרטן ווידערשטאַנד.

## אונדזער יוגנט

האָבן מיר אַ יוגנט (די פֿון סערפּ און האַמער),
די, וואָס נעמען ס'לעבן מיט דער צוואַנג אין קלאַמער,
ווי די יונגע שמידער, פֿול אין פֿלאַם און פֿייער, —
איי, איז אונדז די יוגנט אונדזערע דאָ טייער!

האָבן מיר אַ יוגנט, איי, אַ יוגנט — אייזן!
ס'איז פֿאַראַן מיט וועמען שטאָלץ זיך צו באַווייזן,
ס'בלייבט נאָר, זיך צו ווינטשן, אַז זי זאָל זיך מערן —
וועט זי אונדז אין לאַנד דאָ וועלטן איבערקערן...

האָבן מיר אַ יוגנט, איז זי פֿול אין בויען,
איז זי אונדזער מאָרגן: אונדזער גרויס פֿאַרטרויען,
און מיט אונדזער שליחות הייליק דורכגענומען —
איז זי פֿאַר דער היים דאָ, גרייט אויך אומצוקומען.

## כביש פֿון גבורה

איך זינג איצט און באַזינג אַ וועג אַ נייעם:
„דער כביש פֿון גבורה", קיין ירושלים,
די שטאָט ווו ס'האָט מיט קאַלטן בלענד און שימער —
אַ וועלט, פֿאַרמשכנט אירע הייליקטימער.

זאָל זיין אונדז הייליק אויך דער וועג דער נייער:
דער כביש, וואָס ס'האָבן אונטער שונאס פֿייער
פֿאַרלייגט אים, אונדזערע געוואַגטע יונגען,
פֿון וועמענס האַרטקייט — שטאָל איז אָפּגעשפּרונגען.

זיי האָבן קייטן בערג מיט בראשית-שטיינער,
ווי דורכגעביסן מיט עקשנות-ציינער,
געצוווּנגען אויך דעם טויט זיך אונטערגעבן
פֿאַר זייער פֿלאַמיק-אויפֿגעגאַנגען לעבן.

דער „כביש פֿון גבורה" איז אונדז אַלט-באַקאַנט שוין,
אַזעלכע וועגן האָט אַ סך דאָס לאַנד שוין —
אויף מדבר-זאַמדן ווייכע, און אויף ברילעם
פֿון פֿעלדזיק סטעפּ — צעוויקלט ווי מגילות.

צערוקט אייך, וועגן קיין ירושלים!
צערוקט אייך, מאַכט אַ וועג — דעם וועג דעם נייעם,
וואָס האָט ווי איבער נאַכט, זיך דורכגעריסן
דעם שונא פֿאַר דער נאָז, די בערג — צופּיסנס.

## אונדזער וואַך

אַז די שעה זאָל נישט זיין —
און עס וועלן די שונאים אונדז אָנוואַרפן קריג,
און מיר וועלן פאַרלאָזן דעם טראַקטאָר און אַקער אין פעלד
און אין שטאָט — די פאַבריק,
און אַנשטאָט מיט סערפּ און מיט האַמער —
אַרויס מיט געווער אין דער האַנט —
באַשיצן דאָס לעבן,
די פּרוכט פון דער מי,
באַשיצן דאָס לאַנד, —
זאָל ביישטיין אונדז די גבורה, וואָס מיר האָבן ווען געהאַט:
די גבורה פון די מכבי'ער,
ביז די גבורה פון די אויפשטענדלער אין געטאָגראַד;
די גבורה פון דער הגנה,
די גבורה פון פלמ"ח,
די גבורה פונעם צה"ל —
אונדזער אַנפאַרטרויטע וואַך.

## דעם פֿיינד אַנטקעגן

ווי מען דאַרף אַנטקעגנגיין אַ פֿריינט,
וואָס קומט אַ פֿרידלעכער באַגריסן דיך —
באַדאַרף מען אויך אַנטקעגנגיין אַ פֿיינט —
כדי נישט צוצולאָזן אים צו זיך...
כדי פֿאַרלויפֿן אים דעם וועג פֿאָרויס,
פֿאַרלויפֿן אים דעם פֿינצטערן געדאַנק, —
נאָך איידער ער באַווייזט זיך צו דיין הויז
פֿאַרגנבענען, אַ כיטרער ווי אַ שלאַנג.

זאָלן זיין דערפֿאַר געבענטשט די הענט
פֿון צה״ל: אונדזער הימלאַנד־טרייע וואַך,
וואָס איז מיט שטורעם קעגן פֿיינט געווענדט —
געגאַנגען אין די וועגן פֿון פלמ״ח;
געגאַנגען דער געפֿאַר אין מויל אַריין, —
באַוויזן, אַז ס׳קאָן שטאַרק־זיין אונדזער האַנט,
אַז ס׳איז נישט הפֿקר און נישט הפֿקר־זיין
וועט אונדזער יונג, גענוג־געבלוטיקט לאַנד.

## צווישן וועלף

לעבט מען צווישן וועלף — באַדאַרף מען זיין אַ לייב —
מען זאָל נישט ווערן ווי די שאָף פאַרציקט.
באַוואָפן זיך, מיין פאָטערלאַנד, זיי גרייט!
זאָל אומגעריכט נישט טרעפן דיך דער קריג.

עס לויערן אויף אונדז די שונאים אַרום אונדז
די נאָכבילער פון היטלערן ימח שמו;
באַוואָפן זיך, מיין פאָטערלאַנד, זיי גרייט! —
צו קאָנען קעגנשטעלן זיך דער שוואַרצער שעה.

אונדזער גרענעץ ליגט ביי יעדנס טיר און שוועל,
און ס'לעבן — אויסגעשטעלט אויף מאָרד און רויב.
באַוואָפן זיך, מיין פאָטערלאַנד, זיי גרייט!
צווישן וועלף — באַדאַרף מען זיין אַ לייב.

## אין נײַנטן פֿרילינג

מײַן פֿאָטערלאַנד איז יונג:
דער נײַנטער פֿרילינג גײט אים איצט, אינגאַנצן,
דער נײַנטער פֿרילינג —
פֿון זיך־איבערבויען, פֿון זיך איבערפֿלאַנצן,
דער נײַנטער פֿרילינג, בסך־הכל —
בליט אין אים פֿון יעדנס אויגן,
און יונג אַזוי —
האָט אים דער פֿײַנט אין צווײטן קריג אַרײַנגעצויגן
און — ס׳זענען אין דעם קריג אַוועק
מײַן הײמלאַנדס בעסטע זין און טעכטער:
די איבערבויער, איבערפֿלאַנצער,
איבערשמידער, היטער, וועכטער, —
אַוועק אין מדבר סיני,
אינעם לאַנד פֿון שונאס שוואַרצע נעסטן —
מיט רויבער און מיט רוצחים־באַנדעס, „פֿאַדאַינס" —
זיך צו פֿאַרמעסטן,
און — ס׳גײט די שלאַכט פֿון טאָג מיט נאַכט,
צווישן טויט מיט לעבן,
וואָס צווינגען וועט דעם טויט צו קניען,
צווינגען אים זיך אונטערגעבן,
ווײַל יונג איז עס, דאָס לעבן אין ישראל,
יונג און פֿול מיט זינען,
וואָס שטאַרקט און קרעפֿטיקט —
צום צעוואַקסן זיך אין אויפֿלויכט פֿון באַגינען.

## צו אונדזער יום־טוב

כ׳בין שטענדיק געווען אין מיין היימלאַנד דער זינגער פֿון אַרבעט און בוי,
כ׳האָב שטענדיק די ברידער באַזונגען אין שווערקייט פֿון היים־עול און יאָך,
איך האָב זיי מיט לידער באַגלייט, ווען אויף אַלץ איז, ווי בלוטיקער טוי,
געלעגן דער שוויים פֿון דער מי, און די שטויביקע גראָקייט פֿון וואָך.

היינט וועל איך זיי זינגען, די ברידער, אַ יום־טובדיק הלל־געזאַנג,
אַ ליד וועגן תּחית הארץ; אַ ליד וועגן תּחית העם —
נאָך דעם ווי אַ פֿאָלק איז געווען שוין צום־אויסגיין מסוכנדיק קראַנק,
געווען שוין, נישט מער ווי אַ פּניאָק פֿון אַ בלוטיק־פֿאַרשניטענעם שטאַם.

און אָט סאַראַ בוים אַ געזונטער עס האָט פֿונעם פּניאָק זיך צעבליט —
אַן איבערגעפֿלאַנצטער פֿון היימלאָזע באָדנס — אויף אייגענער ערד,
אין אייגענער אַלט־נייער היים, ווו מען לעבט שוין פֿון אייגענעם שניט,
אין אייגענעם זכות און מיט שטאָלץ פֿון דער אייגענער ווערט.

טאָ, זאָלן מיר טרינקען פֿון טאָליקע בעכער דעם אייגענעם וויין,
די אייגענע ריחות פֿון בליעכץ, וואָס ס׳טראָגט זיי אונדז אונטער דער ווינט,
און זאָלן מיר, שיכורע, טאַנצן אין נייעם באַגינען אַריין —
אַזוי ווי מיר וואָלטן, מיט טענץ און געזאַנג, דעם באַשעפֿער געדינט.

און זאָלן אין טאָג פֿונעם יום־טוב — פֿאַרהייליקטע, ווערן דערמאַנט
די יונגסטע, ביי וועמען די עלטערע האָבן בטחון געשעפּט:
די זין און די טעכטער, וואָס האָבן ווי לייבן געקעמפֿט פֿאַרן לאַנד,
געשלאָגן די שונאים, געזיגט און — דעם יום־טוב פֿון זיג, נישט דערלעבט.

## מיין צווייטע היים

מיין צווייטע היים וואָס האָט מיך ס׳צווייטע מאָל געבוירן
און מיר אומגעקערט — וואָס ס׳האָט מיין שטאָם
מיט יאָרן טויזנטער צוריק געהאַט פֿאַרלוירן:
ס׳לאַנד פֿון עבר, ס׳לאַנד פֿון אויפֿלעב —
קען איך שוין אַ צענדליק וווּנדערלעכע יאָרן,
יאָרן פֿון אַ צווייטער מעשה־בראשית,
פֿון אַ חלום וואָס איז וואָר געוואָרן,
חלום, וואָס אַן אומה האָט געחלומט אים
יאָר־טויזנטער אין בענקשאַפֿט און אין טרערן
ביז — געהאַט האָב איך די זכיה
אין אַ שוואַלב — אַהער מגוגל־ווערן,
און מיט זיך — דעם פֿרילינג אָנצוטראָגן
אין דער וויסטקייט, אונטער שוואַלבן־פֿליגל,
און צו זיין דאָ איינער פֿון די ערשטע,
וועלכע האָבן דאָ געלייגט דעם ערשטן ציגל
אויף דעם ערשטן פֿונדאַמענט —
געגאָסן פֿון בעטאָן מיט שווייס און בלוט פֿאַרקנאָטן,
און געטרוקנט פֿון אַ זון, וואָס האָט געברענט,
געשרפֿעט און געקאַרגט אַ ביסל שאָטן.
וויפֿל האָב איך עס דערציילט שוין!
וויפֿל האָב איך עס באַזונגען!
און ס׳איז אַלץ ווי נישט גענוג מיר,
אַלץ נאָך ווייניק מיר געלונגען
צו באַזינגען, צו דערציילן,
ווי פֿון מדבר, ווי פֿון סטעפּעס,
ווי פֿון גאָרנישט — אויסגעוואַקסן
איז דאָס לאַנד דאָ צו אַן עפּאָס.

## אינדערפרעמד

כ׳בין ווידער אינדערפֿרעמד אַצינד, נאָר ס׳שרעקט מיך שוין נישט אָפּ
די קעלט אירע, און כ׳פֿאַל פֿאַר איר ביי זיך שוין נישט אַראָפּ, —
מיך וואַרעמט דאָס געפֿיל, וואָס שטאַרקט און לאָזט נישט פֿאַלן מיך:
ס׳געפֿיל, אַז איך האָב אויך אַן אייגן היימלאַנד הינטער זיך.

מיין היים איז קליין, מען קאָן זי פֿונדערהויך איינגאַנצן זען,
נאָר וווּנדער איבער וווּנדער האַלט אין איר אין איין געשען,
און ס׳גרעסטע וווּנדער איז אין איר: דער אויפֿגאַנג פֿון אַ דור,
וואָס האָט דעם חלום פֿון זיין פֿאָלק פֿאַרוואַנדלט אין אַ וואָר.

און זי, די וואָר די זוניקע, וואָס וואַרעמט אינדערפֿרעמד,
ווי אויפֿן לייב — דער מאַמעס מיטגעגעבן קלאָרע העמד, —
זי פֿיר איך איצט אין וועג מיט זיך, ווי ס׳פֿירט אַ פֿרומער ייד
אַן אָפּגעהיטענער, דעם טלית מיט די תּפֿילין מיט.

## צוריק צו מיין היימלאַנד

ס׳איז אומעטום גוט, אינדערהיים אָבער — בעסער.
ס׳איז אויגוסט. דער ים וויקלט ווייך זיך פֿונאַנדער,
און ס׳שניידט זיך די שיף ווי אין פּוטער אַ מעסער,
און פֿירט מיך צוריק פֿונדערפֿרעמד און פֿון וואַנדער;

צוריק צו מיין היימלאַנד, מיט וואָס כ׳האָב געשלאָסן
אַן אייביקן בונד שוין, אויף טויט און אויף לעבן, —
כאָטש כ׳האָב צו איר טענות מיט טויזנט פֿאַרוואָסן,
וואָס איך קאָן אַליין דעם באַשייד אויף זיי געבן.

מיין היימלאַנד איז אָרעם און קאָן נאָכנישט נערן
און שטילן דעם הונגער פֿון אַלע, וואָס קומען
מיט אָפּפֿלוּס פֿון בלוט און מיט צופֿלוס פֿון טרערן,
וואָס מאַכן נאָר ביטער און זאַלציק דעם גומען.

מיין היימלאַנד איז אָרעם, נאָר שיין און דערהויבן,
און יום־טובדיק אויכעט אין נויט און אין מאַנגל, —
געשפּייזט און געקרעפֿטיקט פֿון אַלעמענס גלויבן,
אַז ס׳וועט אונדז כדאַי־זיין דער קאַמף און געראַנגל.

## נייע יידן

עס זענען נייע יידן אויפֿגעגאַנגען
אויף דער בלוט און שוויים-געריירטער ערד;
זיי זענען פֿלינקער פֿון די בומיראַנגען,
זענען שאַרפֿער פֿונעם שונאס שווערד;

זיי האָבן אויסדויער; זיי האָבן דויער,
וואָס צעברעכט נישט, מאַכט נישט פֿאַר קיין קנעכט;
זיי זענען קליין אין צאָל, נאָר אומגעהויער
גרויס און שטאַרק — אין זייער זיין גערעכט.

## אויף די פֿעלדער פֿון ישראל

אויף די פֿעלדער פֿון ישראל,
אויף ישראלס האַרטער ערד —
זיצן יידן אויף אַ טראַקטאָר,
יידן צוויי מיט קאַלטן-בערד,
יידן — פֿונעם ווינט צעפּאַטלט,
יידן — פֿון דער זון פֿאַרברענט
און צופֿרידן, וואָס דער טראַקטאָר
גייט אין דינסט פֿון זייערע הענט —
רופֿט זיך אָפּ איין ייד צום צווייטן:
האָסטו ווען געחלומט, האַ! —
אַ מלמד מיט אַ קרעמער
אויף אַ ריזיק פֿעלד אַזאַ;
דו געדענקסט די נויט אין שטעטל
אין דער היים דער אַלטער, האַ?!

אויף די פֿעלדער פֿון ישראל,
אויף ישראלס האַרטער ערד —
רייטן בראָנדזענע צוויי יידן
אויף צוויי אויסגעשפּאַנטע פֿערד,
יידן — פּויערים, — צוריק שוין
פֿונעם פֿעלד, ווי פֿון אַ שלאַכט —
רייטן זיי און האָצקען אונטער
קעגן רויטלעכן פֿאַרנאַכט, —
רופֿט זיך אָפּ איין ייד צום צווייטן:
וואָלסט אַמאָל געגלויבט דאָס, האַ?! —
אַ לאַטוטניק מיט אַ בעדנער
אויף אַ גאָלדן פֿעלד אַזאַ;

האָט אַ ייד אויף פֿרעמדע פֿעלדער
אויך אַזוי געפֿילט זיך, האַ?!

אויף די פֿעלדער פֿון ישראל,
אויף ישראלס האַרטער ערד —
לערנט זיך „מנחם מענדל"
איבערראַשן יעדע ווערט,
לערנט — ווי פֿון לופֿט־פּרנסות —
אָנהייבן צוריק פֿונסניי
פּראָדוקטיוו־זיין, קאָלעקטיוו־זיין
און געזונט — פֿון לעבן פֿריי, —
רעדן צווישן זיך די יידן:
— ווי געפֿעלן אייך דאָ, האַ! —
די קיבוצישע קאָמונעס,
און אַ יוגנט אַט־אַזאַ;
דאַרף מען ערגעץ זיין אין גלות —
אַז מען האָט אַ היימלאַנד, האַ?!

## צוויי ביימער פֿון אַ פּרדס

האָט מען אויסגעהאַקט אַ פּרדס און, געלאָזן ביימער צוויי,
זיי געלאָזן, ווי מען וואָלט ביים אויסהאַקן — פֿאַרגעסן זיי, —
שטייען זיי — אַ צווילינג אַ פֿאַריתומטער, אין סאַמע בלי,
ווי געשטאַנען וואָלטן זיי אין גרינע העמדלעך ביז די קני
און געקוקט, געקוקט פֿאַראומערט אויפֿן ליידיקן אַרום
און געפֿרעגט, געפֿרעגט זיך איינער ביי דעם צווייטן, אינדערשטום —
דעם באַשייד און דעם באַדייט פֿון לאָזן זיי אין ווונד און ווי —
פֿון אַ גוט-צעצווייגטן און געזונטן פּרדס — זיי נאָר, צוויי
ווען מען ס'האָט די האַק געמיטן, און די שאַרף — נישט אָנגערירט
אויכעט שפּעטער, ווען מען האָט דעם טויטן שטח, פֿאַרצעלירט.

## אויפן וועג קיין ירושלים

אין די בערג ירושלימס
ווו ס'באַהאַלטן זיך די וועגן,
וואָס צעלויפן זיך ווי שלאַנגען —
האָב איך, פאַרנדיק, געזען דיך
מאַמע — מאַמע־ערד.

געווען איז עס פאַרנאַכט.
די זון איז שוין געזעסן אויף די בערג־רוקנס,
און ווי אויף קעמלהאָרבן —
שטראַלנדיק געריטן צום פאַרגאַנג,
און רייטנדיק — געלאָזט דיך הינטער זיך —
אין דיין צעפעכערט הונדערט־פאַרביק קלייד,
וואָס פול איז עס געווען מיט ווייכע פאַלדן,
און די פאַלדן — פול מיט ליכט און שאָטן.

האָב איך דורכן פענצטער דיך געזען
אין לייכטנדיקן אומעט —
טאָל־אַראָפּ און באַרג־אַרויף,
אויף טרעפּ פון שטיין און פעלדז;

אַלע ווייל איז דיר אַ באַרג דעם וועג פאַרלאָפן,
זיך געשטעלט צעווישן מיר און דיר
מיט אַ האָרבאַטער פלייצע —
אַ פאַרוואַקסענע מיט ווילדקייט פונעם בראשית;

אַלע ווייל, ביסטו אַפער פון הינטער זיי,
ווי וואָלסט מיט מיר געשפּילט זיך אין באַהעלטעניש

ביז — ס'האָט די זון צום לעצטן מאָל
ווי דורכגעריסן זיך
דורך זיבן גראָע־בלאָע נעפּל־שלייערן,
און ס'האָט אויף דיר אַ פֿלייץ־געטאָן מיט פֿליסיק גאָלד,
ווי דורך אַ זיפּ אַדורכגעזיפּט
און — אויסגערונען מיטן טאָג צוזאַמען.

קיין ירושלים בין איך אָנגעקומען —
ווען די נאַכט האָט שוין געצונדן שטערן,
ווי די מאַמע — ליכט צום בענטשן;
אָנגעקומען מיט אַ נאָגנדיק געפֿיל
פֿון בענקשאַפֿט און רחמנות צו דער מאַמע־ערד,
וואָס כ'האָב באַגעגנט אין די בערג
און זי געלאָזט דאָרט נעכטיקן אַליין...

## געקריינטע בערג

פֿאַלט דער טאָג —
הייבן בערג זיין פֿאַרבן־רייכע בגדי מלכות ,
הייבן־אויף זיין פֿאַרלוירענע זוניקע קרוין
און, קריינען זיך,
קריינען זיך אַליין ;
עס פֿאַלט דאָס גאָלד זיי פֿון די קעניגלעכע מאַנטלען,
מאַט און אָן אַ קלאַנג אַרונטער צו דער ערד,
און ס׳וואַלגערן זיך נאָכגעשלעפּטע פּאָלעס ליכט אין שטויב ;
דער בין־השמשות הייבט זיך,
שטייגט און קלעטערט
איבער האַרטע בערג־רוקנס
צו בערגיק־שטייפֿע קעפּ
און, רייסט זיי אין פֿאַרריסנקייט אַרונטער
אינדערנאַכט.

## אַ ליידיקער עמער

דער טאָג האָט געשריגן פֿון דורשט און געברענט,
און ס'האָבן ביים ברונעם געריסן זיך הענט,
און מיד — איז פֿאַרחלשט-געוואָרן אין לויף
אַן עמער אַראָפּ און אַן עמער אַרויף...

איצט הענגט ער און וויגט זיך אַהין און צוריק,
געלאָזט פֿון אַ ווינטל באַוועגן די שטריק,
אַ ליידיקער עמער, וואָס פֿול איז מיט רו
און בלאָקייט פֿון אָוונט און נאַכט, וואָס רוקט צו.

## חמסין

חמסין איז — מדברישער אָטעם, וואָס גליט
מיט אורשפּרונג פֿון בראשית; מיט שפּורן פֿון טריט
פֿון אָדם און חוה — אין נאַקעטן גאַנג —
שוין איבערגערעדטע צו זינד — דורך דער שלאַנג...

חמסין איז — די ווילדע מדברישע פֿריי;
דער שטומער געשריי פֿון אַ יעדער בעל־חי,
וואָס דורשט — אויף צו ווערן פֿאַרברענט און פֿאַרצערט.
חמסין איז — באַהעפֿטונג פֿון הימל מיט ערד.

## קיין ארץ־ישראל

אַז איך בין געפֿאָרן קיין ארץ־ישראל —
האָט געוויינט טאַטע־מאַמע, געוויינט אַזש פֿאַר פֿרייד,
אַז זיי וועלן מיט מיין און מיט גאָטס הילף, אַמאָל
נאָך קומען מיט מזל קיין ארץ־ישראל —
אין לאַנד פֿון די אָבות. אין הייליקן לאַנד,
וווּ עס שטייט נאָך פֿון חורבן בית־שני, די וואַנט,
דער כותל־מערבי, וואָס איז שוין אַליין
פֿון בעטן און וויינען פֿאַר אים — בלויז געוויין.

האָט יאָרן געוואַרט טאַטע־מאַמע, געוואַרט
אויף „אויסגעלייזט ווערן פֿון גוייִשע הענט״,
געזען די ישועה פֿון מיר נאָר געווענדט,
פֿון מיר, זייער שוואַלב, וואָס אַוועק איז צו ברענגען
אַ פֿרילינג פֿאַר זיי, און אין פֿרילינג — אַ נעסט,
וווּ מען זיצט נישט אויף פֿרעמדע, אויף בלוטיקע קעסט,
נאָר מען שניידט און מען עסט
וואָס מען זייעט אַליין.

האָט יאָרן געוואַרט טאַטע־מאַמע, געוואַרט
און — דערוואַרט זיך: אַ געטאָ, פֿאַרהאַקט און פֿאַרשפּאַרט —
נישט צו קאָנען אַנטרינען פֿון פֿינצטערסטן סוף,
וואָס באַווייזט זיך ביז וואַנזין, ביינאַכט מיר, אין שלאָף...

## אַ היימליד אַזאַ...

גיי, זינג ליבעלידער דער אייגענער ווייב —
אַז ס׳איז שוין צייט מיט איר די זילבערנע חופּה צו שטעלן:
כ׳מיין מיין היימלאַנד — דער געוועזענער געליבטע מיינע,
וואָס איז מיר מיט אַלע חסרונות געפֿעלן
און — כ׳האָב זי מיט לידער באַשאָטן,
אַזוי ווי מיט שטערן און בלומען,
און נאַקעט און באָרוועס, אָן נדן — מיט פֿרייד זי גענומען.

גיי, און זינג איר ליבעלידער!
שטעל זיך אויס צו נאָר און צו געלעכטער,
אין די אויגן פֿון די זין און טעכטער
פֿונעם לאַנד פֿון צווייטן בראשית, —
ס׳לאַנד, וואָס כ׳האָב באַזונגען ווען
מיט היץ חמסינישער און ברען,
פֿון פֿריי־זיין, ווי דער ווינט אין סטעפּ,
ווו ס׳פֿירן בערג און פֿעלדזנטרעפּ
אַרויף, אַרויף, ווי צו פֿאַרמעסט
מיט אָדלער — צו דער אָדלערנעסט.

נאָר זינג אין היים־ליבע דאָס אַלטע ליד,
וואָס מיר אַליין — איז הערן עס — דערווידער.
ס׳זינגען דאָך שוין נייע, יונגע זינגער —
נייע היימלאַנד־לידער;
לידער וועגן נייע שיינקייטן —
אויף ניי־אַנטפּלעקטע לאַנדשאַפֿטן פֿאַרנומען —
אין די דראָענדיקע וויסטע ערגעצן,
ווו כ׳בין ביז היינט אַהין נישט צוגעקומען...

# אין לאַנד פֿון מיין ווידערגעבורט

אברהם סוצקעווערן

דאָס ערשטע היימליד האָב איך אויפֿגעזונגען דאָ — אין עמק —
(ווען ס׳לאַנד האָט נאָך קיין יידיש-זינגער נישט געהאַט),
ווען אַלץ איז נאָך געלעגן ווי אין בראשית, רוי און ליימיק,
זאַמדיק, ווי דער נגב איצט, און פֿעלזיק ווי אילת;

ווען סטעפּ און מדבר האָט מיט טויט געדראָט פֿון אַלע זייטן,
געדראָט פֿון יעדע הייך, פֿון יעדע טיף און פֿלאַך,
און נישט געווען איז ווער ס׳זאָל קומען צודערצייט פֿאַרבייטן
און אַראָפּנעמען אַ מידן שומר פֿונדערוואַך.

אין יענער צייט האָט מיך דאָס לאַנד צום צווייטן מאָל געבוירן,
געוואָרן מיר אַ מאַמע — זי, די מאַמע-ערד,
וואָס האָט יאָר-טויזנטער געהאַט די פּרוכטבאַרקייט פֿאַרלוירן,
און פֿאַרקאַלכט — געלעגן טרוקן, דאַר און איינגעצערט.

אין יענער צייט איז אויפֿגעגאַנגען דאָ, ווי ס׳ווייץ און קאָרן
פֿון ערשטן אויסגעבענקטן, אויסגעקוקטן שניט —
אַזאַ געזאַנג מיינס, וואָס וואָלט קיינמאָל נישט געהערט געוואָרן
דאָרט, וווּ כ׳האָב געשטעלט די ערשטע זינגענדיקע טריט:

די טריט, די היימלאָזע, וואָס האָבן אינדערפֿרעמד דער קאַלטער,
געפֿירט צום וועג צום ווינטיקן פֿון נע-ונד;
איצט זינג איך נאָך, ווייל כ׳האָב מיין טרויעריקער היים מיין אַלטער
אויסגעביטן אויפֿן לאַנד פֿון נגב און אילת.

---

דאָס זינג איך דיר, דעם דיכטער פֿונעם ווילנער געטאָגראַד,
געקומען שוין אויף אייגענע אַרויסגערוקטע פֿראָנטן,
וואָס האָבן ס׳לאַנד אַ שפּאַר־געטאָן צום ים־סוף, צו אילת,
און ווי יריעות — אויפֿגעוויקלט נייע האָריזאָנטן
פֿאַר ניי פֿאַרנעם, פֿאַר ניי פֿאַרמעסט, פֿאַר נייעם הויכן פֿלי,
און פֿאַר דערגרייכונגען וואָס דאַרפֿן נייע אָדלער יונגע;
זיי דאַרפֿן הענט פֿון היים־פֿאַרליבטע, דאַרפֿן זייער מי,
און דיין געזאַנג, וואָס קיינער דאָ, ביז דיר — האָט נישט געזונגען.

## נישט פֿון די לעצטע

נייע צייטן — נייע דיכטער,
נייע לידער און געזאַנגען.

כ׳בין אַליין אַ שטיק געשיכטע
פֿון אַ לעבן אַ פֿאַרגאַנגען,
פֿון אַ לעבן ווי אַ חלום,
וואָס איז לאַנג שוין וואָר געוואָרן —
כאָטש נישט לייכט און נישט בשלום
זענען דורך די חלום־יאָרן,
דורך — אין קאַמף און אין געראַנגל
מיט מדבריות, ווילדע סטעפּעס,
טרוקעניש, קדחת, מאַנגל —
אויף אַרויסצושלאָגן עפּעס
פֿון פֿאַרקאַלכטער ערד פֿאַרברענטע
אונטער פֿייערן פֿון זונען,
ווו די אויגן די פֿאַרבלענדטע
האָבן זעלטן־וואָס געפֿונען,
זעלטן־ווו זיך אָנגעטראָפֿן
מיט סימנים, וועלכע געבן
גלויבן — אויף צו קאָנען האָפֿן,
אַז ס׳וועט ווידער אויפֿגיין לעבן,
אויפֿגיין — ווו די ערד געלעגן
איז יאָר־טויזנטער געפֿאַנגען
ביי דעם טויט אויף אַלע וועגן
איבער וועלכע מ׳איז געגאַנגען.

---

די גייערס די ערשטע, די „ראָבינזאָן־קרוזאָס",
וואָס זענען אַראָפּ דאָ ווי פֿייגלשע טשאַטעס —
געווען איז די יוגנט — די קינדער וואָס האָבן
אין גלות געלאָזן די מאַמעס און טאַטעס,
געלאָזט זיי אין פּיין און אין לייד און, מיט אויגן
צעשראָקענע, פֿולע מיט תּפֿילות און טרערן,
און פֿול מיטן טרייסט, אַז דורך זיי, דורך די קינדער
אין לאַנד אינעם הייליקן — אויסגעלייזט ווערן.

---

כ'בין נישט פֿון די ערשטע דאָ אין לאַנד
און אויך נישט פֿון די לעצטע.
כ'בין געקומען נאָך צו מדבר,
נאָך צו וויסטקייטן — באַזעצטע
מיט די ערשטע,
וועלכע האָבן אויסגעקוקט די מידע אויגן, —
ווי אַ פֿויגל האָט זיך נישט אַראָפּגעלאָזט,
נאָר דורכגעפֿלויגן.

כ'בין געקומען —
ווען ס'איז קאַרג געווען נאָך ס'ברויט אין די געצעלטן,
קאַרג נאָך — אַ טאָמאַטע,
און צו טיי אַ שטיקל צוקער — זעלטן;
ווען דאָס איינציקע פֿאַרמעגן
איז געווען דער בטחון
פֿון אַ טיפֿן גלויבן,
וואָס פֿאַרהיט פֿון ווערן איינגעבראָכן.

---

צוויי־דריי העמדער און אַ בינטל לידער
פֿול מיט צער און צאָרן — דאָס אינגאַנצן!
אָט מיט דעם באַגאַזש בין איך געקומען
דאָ אַהער — אויף שטיין זיך איבערפֿלאַנצן,
איבערוווּנדן מיין געבורטס־לאַנד פּוילן
ווו מיין שטאַם האָט וואָרצלען טיף געשלאָגן,
נאָר עס האָבן שוואַרצע, בייזע רוחות —
הפֿקר, נעסטן יידישע צעטראָגן.

---

האָב איך זיך אַ ריס־געטאָן באַצייטנס, —
ווי אַ פֿויגל ביים דערפֿילן פֿייער
און — אַוועק אין לאַנד פֿון אונדזער עבר —
זיין מיט די ראשונים, די באַנייער;

זיין מיט די באַפֿרייער פֿון ישראל —
ווייט נאָך פֿון אַ יידישער מדינה,
נאָך אין הענט אין פֿרעמדע, און אין שונאים׳ס
פֿייערן פֿון גרויסער, בלינדער שנאה.

---

מיין אומבאַקאַנטע צווייטע היים
צו וועלכער כ׳בין געקומען מיט דער „פֿערטער" —
איז געוואָרן מיין פֿון־גאָט־באַשערטע
ווען כ׳האָב גענומען „ווי זי גייט און שטייט" —
אַן אָרעמע, אַ נאַקעטע און, ווילדערהייט,
נאָר פֿול מיט ברען און רייץ,
און פֿול מיט דורשט — צום אויסגיין! —

האָט זי מיך אַוועקגעפֿירט צו זיך אין צעלט,
וואָס האָט בייטאָג געשיצט פֿאַר היץ,
געשיצט ביינאַכט, פֿאַר קעלט
און — אויפֿגעגאַנגען איז אין אים מיט פֿיבער —
ס'ערשטע ליד מיינס
פֿון מיין נייער היים דער ליבער.

---

צו אַלץ איז גוט אַ ליד,
צו אַלץ איז גוט — געזאַנג.

געזאַנג מאַכט לייכט די טריט —
ווען שווער פֿאַלט אוים דער גאַנג.

געזאַנג גיט ריטעם, שווּנג —
דעם האַמער און דער זעג.

געזאַנג מאַכט מונטער, יונג
און, קירצט דעם ווייטסטן וועג.

---

האָב איך מיט לידער
באַגלייט מיינע ברידער,
וואָס זענען אַרוים ווי צו תּפֿילת-השכּמה,
אַרוים און אַוועק — מיט דער ערד אין מלחמה.

און כ'בין מיט געזאַנג זיי אַנטקעגן-געגאַנגען —
ווען ס'האָט זיי די מידקייט אַזוי ווי געפֿאַנגען
געפֿירט אויף צוריק, מיטן שטאָלערנעם וואָפֿן:

די פּיאָשן, די לאָפּעטעס, קרייצהעק, טוריעס,
וואָס האָבן געבליצט מיטן רויט פֿון די שקיעות.

---

נייע צייטן — נייע דיכטער,
נייע לידער און געזאַנגען.

הינטער מיר איז אַ געשיכטע
ווי אַזוי ס׳איז אויפֿגעגאַנגען,
נאָך חלוציש־האַרטע יאָרן —
ס׳ערשטע ביסל גאָלד פֿון זאַנגען,
ס׳ערשטע ביסל ווייץ און קאָרן,
ס׳ערשטע ביסל גרינס אויף פּאַשע,
און אינגאַנצן, בסך־הכל:
נאָך קיין וואַסער נישט אויף קאַשע...

---

גיי, דערצייל עס איצט פֿאַר די וואָס קומען נאָר צום גרייטן,
פֿאַר די וואָס ווען אויך צו גוט׳ס נישט צולייגן אַ האַנט
און זענען — נישט צו לאָזן אויף אַ האָר זיך ווייטאָן —
פֿול מיט טענות און מיט עצות ווי צו פֿירן ס׳לאַנד...

גיי, דערצייל — צום ווייפֿלטן שוין מאָל — פֿאַר די וואָס קומען
אַ שמעק־טאָן בלויז, אַ טאַפּ־טאָן צי עס איז פֿאַר זיי אַ פּלאַץ...
דערצייל זיי ווי אַזוי מען האָט דאָ אָפּגענומען
אונדזער לאַנד; אַז נישט דערלאַנגט עס האָט מען אויף אַ טאַץ;

אַז נישט ווייניק האָבן די ר א ש ו נ י ם בלוט געגעבן,
נישט ווייניק — זיך אַליין פֿאַרקנאָטן אין דער האַרטער ערד,

וואָס האָט גערירט פֿון זייער מקרב־זיין דאָס לעבן
פֿאַר דער פֿרוכט וואָס זיי איז עסן נישט געווען באַשערט.

נאָר פֿאַראַן, פֿאַראַן אַ סך נאָך לעבעדיקע עדות
פֿון צווייטן בראשית: יענע טעכטער נאָך, און יענע זין,
וואָס אַלע זענען זיי שוין באָבעס לאַנג, און זיידעס
ווען ס'ליגט נאָך אין די בלוטן: פֿיבער און כינין...

אַלע זענען זיי דערציילער פֿאַרן צווייטן דור שוין,
דערציילער פֿון אַ מעשה בראשית וואָס געדענקט זיך זיי —
די פֿאַרגייער, די ערשטע וועמענס גראָע האָר שוין
זילבערן פֿון זיי, ווי פֿונעם חרמון־באַרג דער שניי.

---

אויך איך האָב די זכיה צו זיין דאָ פֿון די, וואָס מען רופֿט זיי שוין אַלטע;
פֿון די, מיט די שניי־ווייסע קעפּ, ווי מיט זילבערנע קרוינען צעשטראַלטע;
פֿון די, וואָס אויף זייערע שוועד־אויסגעפּלאַסטערטע ברוקן און וועגן, —
גייט האָפּערדיק, מונטער, גייט פֿריי און געזונט זיי די יוגנט אַנטקעגן.

אַ יוגנט — מיט ווינט אין די שויבערס; מיט פֿייער און פֿלאַם אין די אויגן,
אַזאַ וואָס זי לאָזט אַזוי לייכט זיך נישט בייגן און, גייט נישט געבויגן;
אַ דור, וואָס ער רייסט זיך אין רייפֿקייט — דאָס אָרט פֿון די אַלטע, פֿאַרטרעטן
מיט בויער אין שטאָט און אין דאָרף, און מיט נייע באַזינגער — פּאָעטן.

## מײַן שפּראַך

מײַן שפּראַך בלײַבט די שפּראַך פֿון מײַן מאַמען,
און כ׳דאַרף פֿאַר מײַן ליבע צו איר — נישט פֿון קײנעם קײן היתּר;
איך אָטעם מיט ייִדיש, אַזוי ווי מיט לופֿט, ווען אַפֿילו
זי שמעקט מיט געפֿאַלענע, האַרבסטיק־צעשאָטענע בלעטער...

איך קאָן נישט דאָס לשון מײַנס טוישן
אַזוי ווי אַ העמד — ס׳ליגט אין בלוט מיר, אין בלוט און אין טרערן;
איך זינג און וועל זינגען אויף ייִדיש — ווי לאַנג איך וועל וויסן,
אַז ס׳איז נאָך פֿאַראַן ווו אַזאַ, וואָס וויל ייִדיש מיך הערן.

*

כ׳האָב זינגענדיק שוין ערגעץ־ווּ געזאָגט:
מיין פֿאָטערלאַנד איז דאָרט ווּ מענטש איז פֿריי;
איצט זאָג איך עס, מיין פֿאָטערלאַנד, צ דיר,
צו דיין געבוירן־ווערן פֿונדאַסניי, —
נאָך יאָרן טויזנטער, וואָס זענען אין פֿאַרשעמונג
פֿון פֿאַרוויסט־זיין און פֿאַרוואָרלאָזט־זיין — פֿאַרביי.

„מיין פֿאָטערלאַנד איז דאָרט ווּ מענטש איז פֿריי"
זאָל פֿרייהייט, גלייכהייט — זיין דיין העכסט געבאָט,
וואָס אייביק היט איך אים,
און דין אים אייביק טריי,
ווי ס׳היט און דינט אַ גלויביקער, צו גאָט.

## אַראַבישע ווערטער:

| | |
|---|---|
| דזשאַרע | ליימענע קרוג |
| אַללאַ | גאָט |
| מאַפּיש מאַסאַרי | נישטאָ קיין געלט |
| עפֿענדי | ערד־באַזיצער, פּריץ |
| טאַריפֿעס (טאַריפֿע) | אַ האַלבער פּיאַסטער |
| יאַהודיע | אַ יידישע פֿרוי |
| פֿאַנטאַזיאַ | פֿייערלעכקייט |
| זיפֿזיף | שטיינזאַמד |
| פֿעלאַך | פּויער |
| כאַראַראַ | הויט־קראַנקייט, צרעת |
| פּיטע | אַראַביש פּלעצל |
| סאַלעם אַלעקום כאַוואַדזשאַ | שלום עליכם, הער |
| קיף כאַליאַק דזשעדאַ | וואָס מאַכסטו, העלד |
| פֿאַראַס | רייטפֿערד |
| אַבאַיע | אַראַבישע פּעלערין |
| קעפֿיע | אַראַביש קאָפּטוך |
| מאָסקאָב | מאָסקווער, רוסישער |
| אַייוואַ | יאָ |
| אַבו־אַבו | דעם טאַטנס טאַטן |
| כילפֿע | מין ווילדגראָז |
| אינדזשיל | ווילדגראָז |
| אַלמאַניאַ | דייטשלאַנד |
| באַלאָניאַ | פּוילן |
| באַיאַרעס (באַיאַרע) | יונגער פּרדס |
| נעבי מוסאַ | אַראַבישער יום־טוב: נביא משה |
| ראַמאַדאַן | יום־טוב פֿון 40 פֿאַסט־טעג |
| טומבאַ | מין אַראַבישער טאַנץ |
| שאַבאַב | בחורים, יונגען |
| קעלב | הונט |
| וואַדי | ערד־אַרטיפֿונג, טאָל |

## ביכער פֿונעם זעלבן מחבר:

**סערגיי יעסענין** (געקליבענע לידער).

פֿאַרלאַג „אייגנס״, וואַרשע, 1933.

**געקליבענע לידער** (פֿון היים, בונט קריג און חורבן)

פֿאַרלאַג „איקוף״, ניו־יאָרק, 1947.

**אַן עלנט הויז** (דערציילונגען)

פֿאַרלאַג „קליינביבליאָטעק״, תל־אביב — ישראל, 1950.

**פֿרוכט פֿון ווינט** (געקליבענע לידער)

אַרויסגעגעבן פֿונעם י. פּאַפּיערניקאָוו־קאָמיטעט ביי דער יידישער קולטור־פֿעדעראַציע, יאָהאַנעסבורג, 1952.

**מיין שיר השירים** (לידער פֿון ליבשאַפֿט)

פֿאַרלאַג „ניי־לעבן״, תל־אביב, 1953.

**דאָס לאַנד פֿון צווייטן בראשית** (לידער און פּאָעמען)

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פֿון פֿריינד און באַקאַנטע, תל־אביב, 1954

**היימישע און נאָענטע** (דערמאָנונגען)

פֿאַרלאַג „י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק״, תל־אביב, 1958.

**די זון הינטער מיר**

פֿאַרלאַג „י. ל. פּרץ״, ישראל, 1961.

**פרי גני** (שירים)

הוצאת ספרים „מנורה״, תל־אביב, 1962.

# אינהאַלט

## אין זוניקן לאַנד



## גאָלדענע זאַמדן

## מיט לענדער גלייך



## אונטער פּייער

## י ש ר א ל

# ביכער, דערשינען אין י. ל. פרץ־פאַרלאַג

## אינעם יאָר 1963

| | |
|---|---|
| אפרים אויערבאַך | וואַך איז דער סטעפּ (לידער און פּאָעמעס) |
| יוסף ארליך | וואָלבראָם (יידיש־העברעיש) |
| חיים בעז | אונדזער דור מוז אָנטשיידן (עסייען, רעפּאָרטאַזשן, באַטראַכטונגען) |
| י. גויכבערג | מיט לייב און לעבן (לידער) |
| י. גויכבערג | מיט אַ שמייכל (לידער) |
| יעקב גלאַטשטיין | מיט מיינע פאַרטאָגבּיכער (עסייען) |
| דוד גלילי־גלאַצער | ביים קוואַל (לידער) |
| מאַטעס דייטש | יעקב גלאַטשטיין — דער ייד פון ליד (עסיי) |
| יחיאל האָפער | אַמאָל... (דערציילונגען) |
| שלמה וואַרזאַגער | זאַמד (ראָמאַן) |
| שפרה ווערבער | דמעתו של איציק (באַלאַדעס פאַר יוגנט) |
| ישיעה זאַנדבערג | דער שונא אין די מויערן (פון דער נאַצישער אקופּאַציע אין בעלגיע) |
| דניאל טשאַרני | די וועלט איז קיילעכדיק — (מיינע דאָקטוירים, טאָג־בוך פון אָקופּירטן פּאַריז) (בשותפות מיט ציקאָ־פאַרלאַג) |
| ל. כאַנוקאָוו | קריזיס (ראָמאַן) |
| מאַני לייב | שירים ובלדות — לידער און באַלאַדן (יידיש־העברעיש) |
| מאַלאַשאַ מאַלי | צוויי וועלטן (דערציילונגען) |
| משה פולאַווער | טעג אָן ליכט |
| שמחה פּאָליאַקעוויטש | געוועןאיז אַ געטאָ (געטאָ—לאָדזש) |
| פּעטערזייל־בוך | זיין לעבן, אָפּשאַצונגען און זכרונות. רעדאָגירט פון י. זרבבל |
| יעקב פרידמאַן | נפילים (דראַמאַטישע פּאָעמע) |
| איטה קאַליש | אַ רבישע היים אין אַמאָליקן פּוילן |
| מאיר קוטשינסקי | נוסח בראַזיל (דערציילונגען) |
| יאָסל צוקער | שריפטן (דערציילונגען) |
| י. ראַפּאָפּאָרט | מהות פון דיכטונג (עסייען, נאָטיצן, רעצענזיעס וועגן דיכטער און דיכטונג) |
| ישעיהו שפיגל | די בריק (ישראל נאָוועלן) |
| ברוך שפינאָזאַ | די עטיק (איבערגעזעצט: ש. ווינער) |

## 1964

| | |
|---|---|
| רחל־אויערבאַך | אין לאַנד ישראל (רעפּאָרטאַזשן, עסייען, דערציילונגען) |
| יצחק פאַנער | „זון און שאָטן" (ישראל־מאָטיוון) |